י. סטאַלין

# פונדאַמענטן פון לעניניזם



פאַרלאַג איד-ביוראָ

ניו-יאָרק, 1935.

# פאָרוואָרט

פונדאַמענטן פון לעניניזם — דאָס איז אַ גרויסע טעמע. אויף אויסצושעפּן זי דאַרף מען האָבן אַ גאַנצן בוך. נאָכמער — מען דאַרף האָבן אַ גאַנצע ריי ביכער. איז דעריבער נאַטירלעך, אַז מײַנע לעקציעס קאָנען ניט זײַן קיין אויסשעפּנדיקע איבערגעבונג פון לעניניזם. זיי קאָנען אין בעסטן פאַל זײַן בלויז אַ צונויפגעפּרעסטער קאָנספּעקט פון די פונדאַמענטן פון לעניניזם. דאָך האַלט איך פאַר נוצלעך איבערצוגעבן דעם דאָזיקן קאָנספּעקט, כדי צו געבן אייניקע פונדאַמענטאַלע אויסגאַנגס־פּונקטן, וועלכע זײַנען נייטיק פאַר דער דערפאָלגרײַכער פאָרשונג פון לעניניזם.

איבערגעבן די פונדאַמענטן פון לעניניזם הייסט נאָך ניט איבערגעבן די יסודות פון לענינ׳ס וועלט־אַנשויאונג. לענינ׳ס וועלט־אַנשויאונג און די פונדאַמענטן פון לעניניזם — דאָס איז לויטן פאַרנעם ניט איינס און דאָסזעלביקע. לענין איז אַ מאַרקסיסט, און דער פונדאַמענט פון זײַן וועלט־אַנשויאונג איז, פאַרשטייט זיך, דער מאַרקסיזם. דערפון איז אָבער כלל ניט געדרונגען, אַז איבערגעבן די פונדאַמענטן פון לעניניזם דאַרף מען אָנהייבן פון איבערגעבן די פונדאַמענטן פון מאַרקסיזם. איבערגעבן לעניניזם מיינט איבערגעבן דאָס, וואָס עס איז פאַראַן באַזונדערעס און נייעס אין לענינ׳ס ווערק, דאָס, וואָס לענין האָט אַרײַנגעבראַכט אינעם אַלגעמיינעם אוצר פון מאַרקסיזם און וואָס עס איז נאַטירלעך צוזאַמענגעבונדן מיט זײַן נאָמען. נאָר אין דעם זינען וועל איך אין מײַנע לעקציעס ריידן וועגן די פונדאַמענטן פון לעניניזם.

אַלזאָ, וואָס איז אַזוינס לעניניזם?

אייניקע זאָגן, אַז לעניניזם איז די צופּאַסונג פונעם מאַרקסיזם צו די אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פון דער רוסלענדישער סביבה. אין דער דעפיניציע איז פאַראַן אַ טייל אמת, זי שעפּט אָבער ווייט ניט אויס דעם גאַנצן אמת. לענין האָט ווירקלעך צוגעפּאַסט דעם מאַרקסיזם צו דער רוסלענדישער ווירקלעכקייט און מייסטערהאַפט צוגעפּאַסט. אָבער ווען דער לעניניזם וואָלט זײַן נאָר אַ צופּאַסונג פונעם מאַרקסיזם צו דער אייגנאַרטיקער סביבה פון רוסלאַנד, וואָלט דער לעניניזם דעמאָלט געווען אַ ריין־נאַציאָנאַלע און בלויז נאַציאָנאַלע, אַ ריין־רוסישע און בלויז רוסישע דערשיינונג. מיר ווייסן אָבער, אַז דער לעניניזם איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע דערשיינונג, אַ צווישנפעלקערלעכע, און ניט בלויז אַ רוסישע. אָט פאַרוואָס איך מיין, אַז די דאָזיקע דעפיניציע לײַדט פון איינזײַטיקייט.

אַנדערע זאָגן, אַז לעניניזם — דאָס איז די אויפלעבונג פון די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אינעם מאַרקסיזם פון די 40ער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, אַלס אונטערשייד פונעם מאַרקסיזם פון די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער איז כלומרשט געוואָרן מעסיק, ניט־רעוואָלוציאָנער. אויב מען זאָל זיך אַבסטראַהירן פון אָט־דער נאַרישער און פלאַכער איינטיילונג פון מאַרקס׳ לערע אויף צוויי טיילן, אויף אַ רעוואָלוציאָנערער און מעסיקער, מוז מען מודה זײַן, אַז אפילו אין דער לחלוטין ניט־גענוגנדער און ניט־באַפרידיק־

דיגער דעפיניציע איז פאַראַן אַ טייל אמת. באַשטיין באַשטייט אָט־דער טייל אמת דערין, וואָס לענין האָט ווירקלעך אויפגעלעבט דעם רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט פונם מאַרקסיזם, וועלכן די אָפּאָרטוניסטן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַלן האָבן געהאַט פאַרמויערט. דאָס איז אָבער נאָר אַ טייל אמת. דער גאַנצער אמת וועגן לעניניזם באַשטייט אין דעם, אַז דער לעניניזם האָט ניט נאָר אויפגעלעבט דעם מאַרקסיזם, נאָר ער האָט נאָך געמאַכט אַ שריט פאָראויס, אַנטוויקלענדיג דעם מאַרקסיזם ווייטער אין די נייע באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליזם און פונם קלאַסנקאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט.

איז וואָס סוף־כל־סוף איז אַזוינס לעניניזם?

לעניניזם — איז מאַרקסיזם פון דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם און פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. ריכטיקער: לעניניזם — דאָס איז די טעאָריע און טאַקטיק פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע בכלל, טעאָריע און טאַקטיק פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט בפרט. מאַרקס און ענגעלס האָבן געהאַנדלט אינם פאַר־רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד (מיר האָבן אין זינען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע), ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין אַנטוויקלטער אימפּעריאַליזם, אינם פּעריאָד, ווען די פּראָלעטאַריער האָבן זיך געגרייט צו דער רעוואָלוציע, אין דעם פּעריאָד, ווען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע איז נאָך ניט געווען קיין דירעקטע פּראַקטישע אומפאַרמיידלעכקייט. לענין, ווידער, אַ תלמיד פון מאַרקס'ן און ענגעלס'ן, האָט געהאַנדלט אין דעם פּעריאָד, ווען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט, ווען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט שוין געזיגט אין איין לאַנד, האָט צעקלאַפּט די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע און האָט געעפנט דעם פּעריאָד פון פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע, דעם פּעריאָד פון סאָוועטן.

אָט פאַרוואָס דער לעניניזם איז די ווייטערדיגע אַנטוויקלונג פונם מאַרקסיזם.

מען פאַרצייכנט געוויינטלעך דעם אויסערגעוויינטלעכן קאַמפּס־כאַראַקטער און אויסערגעוויינטלעכן רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פונם לעניניזם. דאָסאיז פולקום ריכטיק. אָבער די דאָזיקע אייגנשאַפט פונם לעניניזם דערקלערט זיך מיט צוויי סיבות: ערשטנס, דערמיט, וואָס דער לעניניזם איז אַרויסגעקומען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וועמעס שטעמפּל ער מוז אויף זיך טראָגן; צווייטנס, דערמיט, וואָס ער איז אויסגעוואַקסן און האָט זיך פאַרפעסטיגט אין געראַנגלען מיטן אָפּאָרטוניזם פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס דער קאַמף מיט אים איז געווען און איז אַ נויטווענדיגע פאָרבאַדינגונג פאַרן דערפאָלגרייכן קאַמף מיטן קאַפּיטאַליזם. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז צווישן מאַרקס'ן און ענגעלס'ן פון איין זייט, און לענינ'ען פון דער אַנדערער ליגט אַ גאַנצע עפּאָכע ווען דער אָפּאָרטוניזם פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט געהערשט אומבאַגרענעצט. אומ'רחמנות'דיגער קאַמף מיט אים האָט געמוזט זיין איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאַבן פון לעניניזם.

## ערשטע לעקציע

# די היסטאָרישע וואָרצלען פון לעניניזם

דער לעניניזם איז אויסגעוואקסן און האָט זיך אויסגעפאָרמירט אין די באַדינגונגען פון אימפּעריאַליזם, ווען די ווידערשפּרוכן פונם קאַפּיטאַליזם זיינען דערגאַנגען ביז צום עקסטן פּונקט, ווען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע איז געוואָרן א פראַגע פון אוממיטלבאַרער פּראַקטיק, ווען דער אַלטער פּעריאָד פון צוגרייטונג פונם אַרבעטער־קלאַס צו דער רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעשטויסן און איז אַריבערגעוואקסן אין אַ נייעם פּעריאָד פון שטורעם קעגן דעם קאַפּיטאַליזם.

לענין פלעגט רופן דעם אימפּעריאַליזם „אָפּשטאַרבנדיגער קאַפּיטאַליזם". פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל דער אימפּעריאַליזם דערפירט די ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם ביזן לעצטן שטריך, ביז די לעצטע גרענעצן, הינטער וועלכע עס הויבט זיך אָן די רעוואָלוציע. פאַר די וויכטיגסטע פון די דאָזיגע ווידערשפּרוכן דאַרף מען רעכענען דריי.

### ווידערשפּרוכן פון אימפּעריאַליזם

דער ערשטער ווידערשפּרוך — דאָס איז דער ווידערשפּרוך צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. דער אימפּעריאַליזם — דאָס איז די אַלמעכטיגקייט פון די מאָנאָפּאָליסטישע טראָסטס און סינדיקאַטן, פון די בענק און דער פינאַנציעלער אָליגאַרכיע אין די אינדוסטריעלע לענדער. אינם קאַמף מיט דער דאָזיגער אַלמעכטיגקייט האָבן זיך די געוויינטלעכע מעטאָדן פונם אַרבעטער־קלאַס — די טרייד־יוניאָנס און קאָאָפּעראַטיוון, פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטייען און פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמף — אַרויסגעוויזן אינגאַנצן פאַר ניט גענוגנד. אָדער גיב זיך איבער אויפן גנאָד פונם קאַפּיטאַל, פיר אַ צרה'דיג לעבן ווי פריער און לאָז זיך אַראָפּ אַלץ נידעריגער, אָדער נעם זיך פאַר אַ נייעם געווער, — אזוי שטעלט די פראַגע דער אימפּעריאַליזם פאַר די מיליאָניגע מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט. דער אימפּעריאַליזם פירט־צו דעם אַרבעטער־קלאַס צו דער רעוואָלוציע.

דער צווייטער ווידערשפּרוך — דאָס איז דער ווידערשפּרוך צווישן פאַרשיידענע פינאַנציעלע גרופּן און אימפּעריאַליסטישע מלוכות אין זייער קאַמף פאַר די קוואַלן פון רוישטאָף, פאַר פרעמדע טעריטאָריעס. אימפּעריאַליזם הייסט עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל צו די קוואַלן פון רוישטאָף, ווילדער קאַמף פאַר מאָנאָפּאָליסטישן באַזיץ פון די דאָזיגע קוואַלן, קאַמף פאַרן איבערפאַרטיילן די שוין צעטיילטע וועלט, קאַמף, וועלכער ווערט מיט אַ באַזונדער ווילדקייט געפירט דורך די נייע פינאַנציעלע גרופּן און מלוכות וואָס זוכן „אַן אָרט אונטער דער זון", געגן די אַלטע גרופּעס און מלוכות, וואָס האַלטן זיך פעסט אָנגעקלאַמערט פאַר דעם, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט. דער דאָזיגער ווילדער קאַמף צווישן פאַרשיידענע גרופּן קאַפּיטאַליסטן איז כאַראַקטעריס־

טיש מיט דעם, וואָס עס אַנטהאַלט אין זיך [illegible] אַן אומפאַרמײַדלעכן עלעמענט אימפּעריאַליסטישע מלחמות, מלחמות פאַרן [illegible]ירכאַפּן פרעמדע טעריטאָריעס. דער דאָזיגער אומשטאַנד איז, פון זײַן זײַט, כאַ[illegible]אַקטעריסטיש מיט דעם, וואָס ער פירט צו דער געגנזײַטיקער אָפּשוואַכונג פון די אימפּעריאַליסטן, צו דער אָפּשוואַכונג פון דער פּאָ[illegible]ציע [illegible]פונם קאַפּיטאַליזם בכלל, צו דער דערנענטערונג פונם מאָמענט פון דע[illegible]רישער רעוואָלוציע, צו דער פּראַקטישער נויטווענדיקייט פון דער דאָ[illegible] רעוואָלוציע.

דער דריטער ווידערשפּרוך — דאָס איז דער ווידערשפּרוך צווישן דעם הײַפל הערשנדיקע „ציוויליזירטע" נאַציעס און די הונדערטער מיליאָנען קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע פעלקער פון דער וועלט. דער אימפּעריאַליזם — דאָס איז די פרעכסטע עקספּלואַטאַציע און די סאַמע אוממענטשלעכסטע אונטערדריקונג פון הונדערטער מיליאָנען באַפעלקערונג פון די גרעסטע קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער. ארויסקוועטשן אויבער־פּראָפיטן — דאָס איז דער ציל פון דער דאָזיקער עקספּלואַטאַציע און פון דער דאָזיקער אונטערדריקונג. אָבער עקספּלואַטירנדיק די דאָזיקע לענדער, איז דער אימפּעריאַליזם געצוואונגען צו בויען דאָרט אײַזנבאַנען, פאַבריקן און זאַוואָדן, אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע צענטערן. דאָס אויפקומען פונם קלאַס פּראָלעטאַריער, דאָס אויפשפּראָצן פון אַן אָרטיקער אינטעליגענץ, דאָס דערוואַכן פונם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזײַן, די פאַרשטאַרקונג פון דער באַפרײַאונגס־באַוועגונג — דאָס זײַנען די אומפאַרמײַדלעכע רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער „פּאָליטיק". די פאַרשטאַרקונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אַלע אָן אויסנאַם קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער באַווײַזט דאָס מיט פולער קלאָרקייט. דער דאָזיקער אומשטאַנד איז וויכטיק פאַרן פּראָלעטאַריאַט אין דער הינזיכט, וואָס ער רײַסט אין גרונט אונטער די פּאָזיציעס פונם קאַפּיטאַליזם, פאַרוואַנדלענדיק די קאָלאָניעס און די אָפּהענגיקע לענדער פון רעזערוון פונם אימפּעריאַליזם אין רעזערוון פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אָט דאָס זײַנען, אין אַלגעמײַן, די הויפּט־ווידערשפּרוכן פונם אימפּעריאַליזם, וועלכע האָבן פאַרוואַנדלט דעם אַלטן „בליענדיקן" קאַפּיטאַליזם אין אַן אָפּשטאַרבנדיקן קאַפּיטאַליזם.

די באַדײַטונג פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וועלכע האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט מיט 10 יאָר צוריק, באַשטייט, אגב, דערין, וואָס זי האָט צוזאַמענגעקליבן אָט די אַלע ווידערשפּרוכן אין איין קנויפּ און האָט זיי אַרויפגעוואָרפן אויף דער וואָגשאָל, פאַרגיכערנדיק און פאַרלײַכטערנדיק די רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן פונם פּראָלעטאַריאַט.

אַנדערש גערעדט: דער אימפּעריאַליזם האָט געבראַכט ניט בלויז דערצו, אַז די רעוואָלוציע איז געוואָרן אַ פּראַקטישע אומפאַרמײַדלעכקייט, נאָר אויך דערצו, אַז עס זײַנען געשאַפן געוואָרן גינסטיקע באַדינגונגען פאַרן דירעקטן שטורעם קעגן די פעסטונגען פונם קאַפּיטאַליזם.

אָט דאָס איז די צווישנפעלקערלעכע סביבה, וועלכע האָט געבאָרן דעם לעניניזם.

דאָס אַלץ איז ריכטיק, וועט מען אונז זאָגן, אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט דערצו רוסלאַנד, וועלכע איז דאָך ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זײַן

קיין קלאסיש לאנד פון אימפעריאליזם? וואס פאר א שייכות דערצו האט לעניןֹ, וועלכער האט געארבעט פריער פון אלץ אין רוסלאנד און פאר רוס־לאנד? פארוואס איז גראד רוסלאנד געווארן די נעסט פון לעניניזם, דאס פאטערלאנד פון דער טעאריע און פראקטיק פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע?

## רוסלאנד — דער קניפ־פונקט פון אימפעריאליסטישע ווידערשפרוכן

דערפאר, ווייל רוסלאנד איז געווען דער קניפ־פונקט פון אט די אלע ווידערשפרוכן פונם אימפעריאליזם.

דערפאר, ווייל רוסלאנד איז געווען שוואנגער מיט רעוואלוציע מער ווי וועלכע ניט איז אנדערע לאנד, און זי איז געווען אימשטאנד צו לייזן דעם דאזיגן ווידערשפרוך אויף א רעוואלוציאנערן אופן.

אנהויבן דערפון, וואס די צארישע רוסלאנד איז געווען א נעסט פאר יעדער ארט אונטערדריקונג — סאי קאפיטאליסטישער, סאי קאלאניאלער, סאי מיליטערישער — אין איר סאמע אוממענטשלעכער און בארבארישער פארם. ווער ווייסט דען ניט, אז אין רוסלאנד האט זיך די אלמעכטיגקייט פונם קאפיטאל צונויפגעגאסן מיטן דעספאטיזם פונם צאריזם, די אגרעסיווקייט פונם רוסישן נאציאנאליזם — מיט דער הענקעריי פונם צאריזם בנוגע די ניט־רוסישע פעלקער, די עקספלואטאציע פון גאנצע ראיאנען — טערקיי, פערסיע, כינע — מיטן פארכאפן די דאזיגע ראיאנען דורכן צאריזם, מיט מלחמות צוליב פארכאפן? לענין איז גערעכט געווען, ווען ער האט געזאגט, אז דער צאריזם — דאס איז „מיליטעריש־פעאדאלער אימפעריאליזם". דער צאריזם איז געווען די קאנצענטרירונג פון אלע נעגאטיווסטע זייטן פון דעם אימפעריאליזם, געגומען אין קוואדראט.

ווייטער. די צארישע רוסלאנד איז געווען דער גרעסטער רעזערוו פארן מערב'דיגן אימפעריאליזם ניט בלויז אין דעם זין, וואס זי האט געגעבן פרייען צוטריט דעם אויסלענדישן קאפיטאל, וועלכער האט געהאלטן אין זיינע הענט אזוינע אנטשיידנדיגע צווייגן פון דער רוסישער פאלקס־ווירטשאפט, ווי הייצ־ווארג און מעטאלורגיע, נאר אויך אין דעם זינען, וואס זי האט געקאנט צו־שטעלן פאר די מערב'דיגע אימפעריאליסטן מיליאנען סאלדאטן. דערמאנט זיך אן דער צוועלף־מיליאניגער רוסישער ארמיי, וועלכע האט פארגאסן בלוט אויף די אימפעריאליסטישע פראנטן, כדי צו פארזיכערן ווילדע פראפיטן פאר די ענגליש־פראנצויזישע קאפיטאליסטן.

ווייטער. דער צאריזם איז געווען ניט בלויז דער וואך־הונט פונם אימ־פעריאליזם אויף מזרח־אייראפע, נאר ער איז אויך געווען די אגענטור פונם אימפעריאליזם אויף ארויסצושלאגן פון דער באפעלקערונג הונדערטער מיליאנען אויף די הלוואות, וועלכע ער האט באקומען אין פאריז און אין לאנדאן, אין בערלין און אין ברוסעל.

דער צאריזם איז, ענדלעך, געווען דער טרייסטער פארבינדעטער פונם מערב'דיגן אימפעריאליזם ביי דער צעטיילונג פון טערקיי, פערסיע, כינע, א. אז. וו. ווער ווייסט עס ניט, אז די אימפעריאליסטישע מלחמה האט דער צאריזם געפירט אין בונד מיט די אימפעריאליסטן פון דער אנטאנט, אז רוסלאנד איז געווען א וויכטיגער עלעמענט אין דער דאזיגער מלחמה?

אָט פֿאַרוואָס די אינטערעסן פֿונם צאַריזם .און פֿונם מערבֿ'דיגן אימ־פּעריאַליזם האָבן זיך צוזאַמענגעפֿלאָכטן איינע מיט די אַנדערע און האָבן סוף־כּל־סוף זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין בינטל אינטערעסן פֿונם אימפּעריאַ־ליזם. נו, האָט דען דער מערבֿ'דיגער אימפּעריאַליזם געקאָנט שלום מאַכן מיטן פֿאַרלוסט פֿון אַזאַ מעכטיגער שטיצע אויפֿן מזרח און פֿון אַזאַ רייכן רעזער־וואואַר כּחות און מיטלען, ווי די אַלטע, צאַרישע רוסלאַנד, ניט אויס־פּרוואוונדיג אַלע זיינע כּחות אויף צו פֿירן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט געגן דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד מיטן צוועק צו פֿאַרטיידיגן און פֿאַרהיטן דעם צאַריזם? געוויס האָט ער ניט געקאָנט!

דערפֿון איז אָבער געדרונגען, אַז ווער עס האָט געוואָלט שלאָגן דעם צאַריזם, דער האָט זיך אומפֿאַרמיידלעך פֿאַרמאָסטן אויפֿן אימפּעריאַליזם; אַז ווער עס איז אויפֿגעשטאַנען געגן צאַריזם, דער האָט שוין געמוזט אויפֿ־שטיין אויך געגן דעם אימפּעריאַליזם, ווייל ווער עס האָט אַראָפּגעוואָרפֿן דעם צאַריזם, דער האָט געמוזט אַראָפּוואַרפֿן אויך דעם אימפּעריאַליזם, אויב ער האָט אין דער אמת'ן געוואָלט ניט בלויז צו דערלאַנגען אַ קלאַפּ דעם צאַריזם, נאָר אויך צו דערשלאָגן אים ביזן סוף. די רעוואָלוציע געגן צאַריזם האָט זיך אויף אַזאַ אופֿן דערנענטערט צו אַ רעוואָלוציע געגן דעם אימפּעריאַליזם, צו אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, און האָט געמוזט איבערוואַקסן אין אַזאַ רעוואָלוציע.

און דאָ האָט זיך אין רוסלאַנד אויפֿגעהויבן די גרעסטע פֿאָלקס־רעוואָ־לוציע, וואָס אָן איר שפּיץ איז געשטאַנען דער רעוואָלוציאָנערסטער פּראָלע־טאַריאַט אין דער וועלט, וועלכער האָט אין זיין רשות געהאַט אַזאַ ערנסטן פֿאַרבינדעטן, ווי דאָס רעוואָלוציאָנערע פּויערטום פֿון רוסלאַנד. דאַרף מען דען דערווייזן, אַז אַזאַ רעוואָלוציע האָט זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלן אין מיטן וועג, אַז אין פֿאַל פֿון דערפֿאָלג האָט זי געמוזט גיין ווייטער, אויפֿהויבנדיג די פֿאָן פֿון אויפֿשטאַנד געגן דעם אימפּעריאַליזם?

אָט פֿאַרוואָס רוסלאַנד האָט געמוזט ווערן דער קניפּ־פּונקט פֿון די ווידער־שפּרוכן פֿונם אימפּעריאַליזם ניט נאָר אין דעם זינען, וואָס די דאָזיגע ווידער־שפּרוכן האָבן זיך לייכטער פֿון אַלץ אויפֿגעדעקט גראָד אין רוסלאַנד צוליב זייער באַזונדערס מיאוס'ן און באַזונדערס אומדערטרעגלעכן כאַראַקטער, און ניט בלויז דערפֿאַר, ווייל רוסלאַנד איז געווען די וויכטיגסטע שטיצע פֿאַרן מערבֿ'דיגן אימפּעריאַליזם, וואָס האָט פֿאַראייניגט דעם פֿינאַנציעלן קאַפּיטאַל פֿון מערבֿ מיט די קאָלאָניעס פֿון מזרח, נאָר אויך דערפֿאַר, ווייל בלויז אין רוסלאַנד האָט עקזיסטירט די רעאַלע קראַפֿט, וועלכע איז בכּוח צו לייזן די ווידערשפּרוכן פֿונם אימפּעריאַליזם אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופֿן.

## רוסישע רעוואָלוציע האָט געמוזט ווערן אינטערנאַציאָנאַל. לענין — דער טעאָרעטיקער און פֿירער פֿונם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

דערפֿון איז אָבער געדרונגען, אַז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט ניט געקאָנט ניט ווערן אַ פּראָלעטאַרישע, אַז זי האָט ניט געקאָנט ניט אָננעמען גלייך אין די ערשטע טעג פֿון איר אַנטוויקלונג אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַק־טער, אַז זי האָט ניט געקאָנט, אַלזאָ, ניט אויפֿטרייסלען די פֿונדאַמענטן גופֿא פֿון דעם וועלט־אימפּעריאַליזם.

האָבן די רוסישע קאָמוניסטן ביי אַזאַ לאַגע געקאָנט באַגרענעצן זיך אין זייער אַרבעט מיט די ענג־נאַציאָנאַלע ראַמען פון אַ רוסישער רעוואָלוציע? אודאי ניט! פאַרקערט, די גאַנצע סיטואַציע, סאַי די אינערלעכע (דער טיפער רעוואָלוציאָנערער קריזיס), סאַי די אויסערלעכע (די מלחמה), האָט זיי גע־שטויסן דערצו, אַז זיי זאָלן אין זייער אַרבעט אַרויסגיין אויף יענער זייט פון די דאָזיגע ראַמען, אַז זיי זאָלן דעם קאַמף אַריבערטראָגן אויף דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרענע, אַז זיי זאָלן אויפדעקן די וואונדן פונם אימפּעריאַליזם, דערווייזן די אומפאַרמיידלעכקייט פונם קראַך פון קאַפּיטאַליזם, צעקלאַפּן דעם סאָציאַל־שאָוויניזם און סאָציאַל־פּאַציפיזם, אַז זיי זאָלן, ענדלעך, אַראָפּוואַרפן ביי זיך אין לאַנד דעם קאַפּיטאַליזם און זאָלן אויסשמידן פאַרן פּראָלעטאַריאַט אַ ניי געווער פאַרן קאַמף, די טעאָריע און טאַקטיק פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, כדי צו פאַרלייכטערן פאַר די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער די זאַך פון אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם. די רוסישע קאָמוניסטן האָבן אַנדערש ניט געקאָנט האַנדלען, ווייל נאָר אויף דעם וועג האָבן זיי געקאָנט אויס־רעכענען אויף געוויסע ענדערונגען אין דער אינטערנאַציאָנעלער סיטואַציע, וועלכע זיינען בכוח צו באַוואָרענען רוסלאַנד פאַר דער רעסטאַווראַציע פון די בורזשואַזע אָרדענונגען.

אָט פאַרוואָס רוסלאַנד איז געוואָרן די נעסט פון לעניניזם, און דער פירער פון די רוסישע קאָמוניסטן — לענין — איז געוואָרן זיין שעפער.

מיט רוסלאַנד און מיט לענינ'ען האָט דאָ „פּאַסירט" אַן ערך דאָס זעלביגע, וואָס מיט דייטשלאַנד און מיט מאַרקס'ן און ענגעלס'ן האָט „פּאַ־סירט" אין די פערציגער יאָרן פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. דייטש־לאַנד איז דעמאָלט, פּונקט ווי רוסלאַנד אין אָנהויב פון צוואַנציגסטן יאָר־הונדערט, געווען שוואַנגער מיט דער בורזשואַזער רעוואָלוציע. מאַרקס האָט דעמאָלט געשריבן אינם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט", אַז:

„אויף דייטשלאַנד ווענדן די קאָמוניסטן זייער הויפּט־אויפמערקזאַמקייט דערפאַר, ווייל זי שטייט ערב דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, ווייל זי וועט די דאָזיגע איבערקערעניש דורכמאַכן ביי מער פּראָגרעסיווע באַדינגונגען פון דער אייראָפּייאישער ציוויליזאַציע בכלל און מיט אַ פיל מער אַנטוויקלטן פּראָלעטאַריאַט, ווי אין ענגלאַנד פון 17טן און אין פראַנקרייך פון 18טן יאָרהונדערט, ווייל די דייטשישע בורזשואַזע רעוואָלוציע קאָן, הייסט עס, זיין נאָר דער אוממיטלבאַרער פּראָלאָג צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע."

אַנדערש גערעדט, דער צענטער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין דייטשלאַנד.

מען קאָן ניט צווייפלען, אַז אָט דער אומשטאַנד, וועלכן מאַרקס האָט אָנגעמערקט אין די געבראַכטע ווערטער, איז מסתמא געווען די סיבה, פאַרוואָס גראַד דייטשלאַנד זאָל ווערן דאָס פאַטערלאַנד פונם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַ־ליזם און די פירער פונם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט — מאַרקס און ענגעלס — זאָלן ווערן זיינע שעפער.

דאָס זעלביגע, אָבער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, דאַרף מען זאָגן וועגן רוסלאַנד פונם אָנהויב צוואַנציגסטן יאָרהונדערט. רוסלאַנד האָט אין דעם פּעריאָד זיך געפונען ערב דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, זי האָט געדאַרפט דורכמאַכן די דאָזיגע רעוואָלוציע ביי מער פּראָגרעסיווע באַדינגונגען אין אייראָפּע און מיט אַ מער אַנטוויקלטן פּראָלעטאַריאַט, ווי דייטשלאַנד (שוין ניט רעדנדיג וועגן פראַנקרייך און ענגלאַנד). דערביי האָט אַלע אָנצייכנס,

אַז די דאָזיגע רעוואָלוציע וועט ווערן דער אויפברויזער און פּראָלאָג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. מען קאָן ניט רעכענען פאַר אַ צופעליגקייט דעם פאַקט, וואָס נאָך אין 1902, ווען די רוסישע רעוואָלוציע האָט ערשט אָנגעהויבן שפּראָצן, האָט לענין אין זיין בראָשור „וואָס דאַרף מען טאָן?" געשריבן די נביא'שע ווערטער וועג דעם, אַז:

„די געשיכטע האָט אַוועקגעשטעלט פאַר די רוסישע מאַרקסיסטן אַ נאָענטסטע אויפגאַבע, וועלכע איז די רעוואָלוציאָנערסטע פון אַלע נאָענטסטע אויפגאַבן פונם פּראָלעטאַריאַט פון אַ וועלכן ניט איז לאַנד; די פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיגער אויפגאַבע, די צעשטערונג פון דער מעכטיגסטער שטיצע ניט בלויז פון דער אייראָפּייאישער, נאָר אויך פון דער אַזיאַטישער רעאַקציע, וואָלט געמאַכט דעם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט פאַרן אַוואַנגאַרד פונם אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט."

אַנדערש גערעדט, דער צענטער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט געדאַרפט אַריבערגעטראָגן ווערן אין רוסלאַנד.

עס איז באַקאַנט, אַז דער גאַנג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט איבערגענוג באַרעכטיקט דעם דאָזיגן לענינ'ס פאָראויסזאָג.

איז דען נאָך דעם אַ חידוש, וואָס דאָס לאַנד, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזאַ רעוואָלוציע און האָט אַזאַ פּראָלעטאַריאַט, איז געוואָרן דאָס היימלאַנד פון דער טעאָריע און טאַקטיק פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע?

איז דען אַ חידוש, וואָס דער פירער פון דעם דאָזיגן פּראָלעטאַריאַט, לענין, איז צוזאַמען דערמיט געוואָרן דער שעפער פון דער דאָזיגער טעאָריע און טאַקטיק און דער פירער פונם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

---

## צווייטע לעקציע

# די מעטאָדע פון לעניניזם

אויבן האָב איך געזאָגט, אַז צווישן מאַרקס'ן און ענגעלס'ן פון איין זייט, און לענינ'ען פון דער אַנדערער, ליגט אַ גאַנצע עפּאָכע פון דער הערשאַפט פונם אָפּאָרטוניזם פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אין די אינטערעסן פון פּינקטלעכקייט מוז איך צוגעבן, אַז דאָ גייט די רייד ניט וועגן דער פאָרמעלער הערשאַפט. פאָרמעל זיינען בראש פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל געשטאַנען די „רעכטגלויביגע" מאַרקסיסטן, די „אָרטאָדאָקסן" קאַוטסקי און אַנדערע. אין דער טאַט אָבער איז די גרונט־אַרבעט פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל געפירט געוואָרן לויט דער ליניע פון אָפּאָרטוניזם. די אָפּאָרטוניסטן האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דער בורזשואַזיע אַ דאַנק זייער קאָמפּראָמיסלעכער קליינבירגערלעכער נאַטור; די „אָרטאָדאָקסן", ווידער, האָבן זיך, פון זייער זייט, צוגעפּאַסט צו די אָפּאָרטוניסטן אין די אינטערעסן פון „אחדות" מיט די אָפּאָרטוניסטן, אין די אינטערעסן פון „שלום אין דער פּאַרטיי". אין רעזולטאַט איז אַרויסגעקומען די הערשאַפט פונם אָפּאָרטוניזם, ווייל די קייט צווישן דער פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע און דער פּאָליטיק פון די „אָרטאָדאָקסן" איז צוזאַמענגעשלאָסן געוואָרן.

דאָס איז געווען דער פּעריאָד פון פאַרהעלטניסמעסיג פרידלעכער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, דער, אַזוי צו זאָגן, פאַר־מלחמה'דיגער פּעריאָד, ווען די קאַטאַסטראָפישע ווידערשפּרוכן פונם אימפּעריאַליזם האָבן נאָך ניט באַוויזן זיך אויפצודעקן מיט דער פולער קלאָרקייט, ווען די עקאָנאָמישע סטרייקס פון די אַרבעטער אין די טרייד־יוניאָנס האָבן זיך אַנטוויקלט מער אָדער ווייניגער „נאָרמאַל", ווען דער וואַל־קאַמף און די פּאַרלאַמענטאַרישע פראַקציעס האָבן געגעבן „נסים ונפלאות'דיגע" דערפאָלגן, ווען די לעגאַלע קאַמפּס־פאָרמען זיינען געלויבט געוואָרן ביז דעם הימל און דורך לעגאַליטעט האָט מען געמיינט „אוועקצו'הרג'ענען" דעם קאַפּיטאַליזם, — מיט איין וואָרט, ווען די פּאַרטייען פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל זיינען באַוואַקסן געוואָרן מיט פעטס, און עס האָט זיך ניט געוואָלט ערנסט טראַכטן וועגן רעוואָלוציאָנערער דערציאונג פון די מאַסן.

אַנשטאָט אַן איינהייטלעכער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע — ווידערשפּרעכיגע טעאָרעטישע הנחות און ברעקלעך טעאָריע, אָפּגעריסענע פון דעם לעבעדיגן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן און פאַרוואַנדלטע אין פאַרעלטערטע דאָגמען. לפנים פלעגט מען, פאַרשטייט זיך, דערמאָנען די טעאָריע פון מאַרקס'ן, אָבער נאָר כדי אויסצולופּטערן פון איר די לעבעדיגע רעוואָלוציאָנערע נשמה.

אַנשטאָט אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק—צעקראָכענע פיליסטעריי*) און

---

*) פיליסטער — באַלעבאַטישער חקרן, אָדער בטלן.

ניכטערע פּאָליטיקאַנטסטווע, פּאַרלאַמענטאַרישע דיפּלאָמאַטיע און פּאַרלאַ־מענטאַרישע קאָמבינאַציעס. לפּנים פלעגן, פאַרשטייט זיך, אָנגענומען ווערן „רעוואָלוציאָנערע״ באַשלוסן און לאָזונגען, נאָר בלויז כדי אַוועקצולייגן זיי אונטערן געוואַנט.

אָנשטאָט צו דערציען און אויסלערנען די פּאַרטיי די ריכטיגע רעוואָ־לוציאָנערע טאַקטיק אויף די אייגענע פעלערן — פלעגט מען זאָרגזאַם אויס־מיידן די אָנגעווייטאָגטע פראַגן, פאַרטושן און פאַרשמירן זיי. לפּנים, פאַר־שטייט זיך, איז מען אַמאָל געווען בעלנים אויף דורכשמועסן זיך וועגן די אָנגעווייטאָגטע פראַגן, נאָר מער ניט כדי צו פאַרענדיגן די זאַך מיט אַ וועלכער ניט איז „גומענער״ רעזאָלוציע.

אָט ווי עס האָט אויסגעזען די פיזיאָנאָמיע פונם צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל, זיין אַרבעט־מעטאָדע, זיין אַרסענאַל.

און דאָ האָט זיך אָנגערוקט אַ נייע עפּאָכע פון אימפּעריאַליסטישע מלחמות און רעוואָלוציאָנערע געראַנגלען פונם פּראָלעטאַריאַט. די אַלטע קאַמפּס־מעטאָדן האָבן זיך קלאָר אַרויסגעוויזן פאַר ניט גענוגנדיג און מאַכט־לאָז אַנטקעגן דער אַלמעכטיגקייט פונם פינאַנציעלן קאַפּיטאַל.

עס איז נויטיג געווען איבערצוקוקן די גאַנצע אַרבעט פונם צווייטן אינ־טערנאַציאָנאַל, זיין גאַנצע אַרבעט־מעטאָדע, אַרויסטרייבנדיג אינגאַנצן די פּיליסטעריי, די שמאָלקעפּיקייט, די פּאָליטיקמאַכעריי, די רענעגאַטישקייט, דעם סאָציאַל־שאָוויניזם, דעם סאָציאַל־פּאַציפיזם; עס איז נויטיג געווען צו רעווידירן דעם גאַנצן אַרסענאַל פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אַרויסוואַרפן אַלץ, וואָס איז פאַרראָסטעט און פאַרעלטערט, אויסשמידן נייע מינים געווער. אָן אַזאַ צוגרייטונגס־אַרבעט האָט מען אַפילו ניט געקאָנט זיך באַוואָפענען אויף מלחמה מיטן קאַפּיטאַליזם. אָן דעם האָט דער פּראָלעטאַריאַט ריזיקירט צו בלייבן פאַר די נייע רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן ניט גענוג באַוואָפנט אָדער אַפילו פּשוט אומבאַוואָפנט.

אָט די ערע פון דער גענעראַל־רעוויזיע און גענעראַל־רייניגונג פון די אַגיאַס־פערדשטאַלן *) פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז אויסגעפאַלן אויפן גורל פונם לעניניזם.

אין וואָס ווערן סומירט די פאָדערונגען פון דער דאָזיגער מעטאָדע?

ערשטנס, אין אויספּרובירן די טעאָרעטישע דאָגמען פונם צווייטן אינ־טערנאַציאָנאַל אין פייער פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן, אין פייער פון לעבעדיגער פּראַקטיק, ד. ה. אין דעם צוריק־אויפשטעלן די צעשטערטע איינהייט צווישן דער טעאָריע און פּראַקטיק, אין ליקווידירן דעם איינרייס צווישן זיי, ווייל נאָר אַזוי קאָן מען באַשאַפן אַן אמת׳ע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, וועלכע זאָל זיין באַוואָפנט מיט דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע.

צווייטנס, אויספּרובירן די פּאָליטיק פון די פּאַרטייען פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ניט לויט זייערע לאָזונגען און רעזאָלוציעס (וועלכע מען קאָן ניט גלויבן), נאָר לויט זייערע מעשים, לויט זייער האַנדלונג, ווייל נאָר אַזוי קאָן מען דעראָבערן און פאַרדינען דעם צוטרוי פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן.

---

*) אַגיאַס־שטאַלן — אַגיאַס איז געווען אַ לעגענדאַרער גריכישער קיניג, וועלכער האָט געהאַט שטאַלן מיט טויזנטער פערד, און די שטאַלן האָט מען קיינמאָל ניט גערייניגט.

דריטנס, אין איבערבויען די גאנצע פארטיי־ארבעט אויף א נייעם רעוואָלוציאָנערן שטייגער אין דעם גייסט פון דערציען און צוגרייטן די מאסן צום רעוואָלוציאָנערן קאמף, ווייל נאָר אזוי קאָן מען צוגרייטן די מאסן צו דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע.

פערטנס, אין זעלבסטקריטיק פון די פּראָלעטארישע פּארטייען, אין לערנען און דערציען זיי אויף זייערע אייגענע פעלערן, ווייל נאָר אזוי קאָן מען דערציען ווירקלעכע קאדרען און ווירקלעכע פירער פאר דער פּארטיי.

אָט דאָס איז דער פונדאמענט און דער תּוך פון דער מעטאָדע פון לענינים.

ווי אזוי איז די דאָזיגע מעטאָדע אָנגעווענדט געוואָרן אין דער פּראקטיק?

ביי די אָפּאָרטוניסטן פונם צווייטן אינטערנאציאָנאל עקזיסטירט א ריי טעאָרעטישע דאָגמען, פון וועלכע זיי הויבן שטענדיג אָן. לאָמיר נעמען איניגע פון זיי.

ערשטע דאָגמע: וועגן די באדינגונגען, ביי וועלכע דער פּראָלעטאריאט קאָן נעמען די מאכט. די אָפּאָרטוניסטן טענה׳ן, אז דער פּראָלעטאריאט קאָן ניט און טאָר ניט נעמען די מאכט, אויב ער אליין בילדעט ניט די מערהייט אין לאנד. קיינע באווייזן ברענגען זיי ניט, ווייל עס איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו באַרעכטיגן אָט די אומגעלומפּערטע הנחה ניט טעאָרעטיש, ניט פּראקטיש. זאָל זיין, אז ס׳איז אזוי, ענטפערט לענין די הערן פונם צווייטן אינטערנאציאָנאל. נו, און אויב עס האָט זיך געשאפן אזא היסטאָרישע סיטואציע (א מלחמה, אן אגראר־קריזיס א. אז. וו.), ווען דער פּראָלעטאריאט, וואָס בילדעט א מינדערהייט אין דער באפעלקערונג, האָט די מעגלעכקייט צוזאמענצונעמען ארום זיך די גוואלטיגע מערהייט פון די ארבעטנדיגע מאסן, — פארוואָס זאָל ער ניט נעמען די מאכט? פארוואָס זאָל דער פּראָלעטאריאט ניט אויסנוצן די גינסטיגע צווישנפעלקערלעכע און אינערלעכע סיטואציע כדי דורכצורייסן דעם פראָנט פונם קאפּיטאל און פארגיכערן דעם אלגעמיינעם פינאל? האָט דען מארקס נאָך אין די 50־גער יאָרן פונם פארגאנגענעם יאָרהונדערט ניט געזאָגט, אז די זאך מיט דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע אין דייטשלאנד וואָלט געקאָנט האלטן „אויסגעצייכנט", ווען מען וואָלט געקאָנט שאפן פאר דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע א שטיצע, „אזוי צו זאָגן, דורך א צווייטער אויסגאבע פון דער פּויערשער מלחמה"? איז דען ניט באקאנט יעדן איינעם, אז פּראָלעטאריער אין דייטשלאנד איז דעמאָלט געווען פארהעלטניסמעסיג ווייניגער, ווי, למשל, אין רוסלאנד אין 1917? האָט דען די פּראקטיק פון דער רוסישער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע ניט באוויזן, אז די דאָזיגע באליבטע דאָגמע פון די העלדן פון צווייטן אינטערנאציאָנאל האָט ניט קיין שום לעבנס־באדייטונג פארן פּראָלעטאריאט? איז דען ניט קלאָר, אז די פּראקטיק פון רעוואָלוציאָנערן קאמף פון די מאסן גראָבט־אונטער און צעקלאפּט אָט די אָפּגעקראָכענע דאָגמע?

צווייטע דאָגמע: דער פּראָלעטאריאט קאָן ניט איינהאלטן די מאכט אויב ער האָט ניט פארטיג קיין גענוגענדע צאָל גרייטע קולטורעלע און אדמיניסטראטיווע קאדרען, וועלכע זיינען מסוגל אוועקצושטעלן ווי געהעריג די פארוואלטונג פון לאנד, — דארף מען פריער אויסארבעטן די דאָזיגע קאדרען אין די באדינגונגען פון קאפּיטאליזם און דערנאָך ערשט נעמען די מאכט. זאָל זיין, אז ס׳איז אזוי, — ענטפערט לענין, — פארוואָס קאָן מען אָבער ניט די זאך א קער טאָן אזוי, אז פריער זאָל מען נעמען די מאכט,

באַשאַפֿן גינסטיגע באַדינגונגען פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿונם פּראָלעטאַריאַט, און דערנאָך אַוועקלאָזן זיך פֿאָראױס מיט מײלן־טריט אױף צו העכערן דעם קולטורעלן צושטאַנד פֿון די אַרבעטנדיגע מאַסן, אױף אױסצואַרבעטן צאָלרײכע קאַדרען פֿון צװישן די אַרבעטער? האָט דען די רוסלענדישע פּראַקטיק ניט באַװיזן, אַז די קאַדרען אָנפֿירער פֿון צװישן די אַרבעטער װאַקסן אונטער דער פּראָלעטאַרישער מאַכט הונדערט מאָל גיכער און גרינטלעכער, װי אונטער דער מאַכט פֿון קאַפּיטאַל? איז דען ניט קלאָר, אַז די פּראַקטיק פֿון רעװאָלוציאָנערן קאַמף פֿון די מאַסן שלאָגט אום׳ברחמנות׳דיג אױך די דאָזיגע טעאָרעטישע דאָגמע פֿון די אָפּאָרטוניסטן?

דריטע דאָגמע: די מעטאָ[illegible] פֿון אַן אַלגעמײנעם פּאָליטישן סטרײק איז ניט אָננעמבאַר פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט. װײל טעאָרעטיש איז ער ניט אױסגעהאַלטן (זע די קריטיק פֿון ענגעלס׳ן), פּראַקטיש איז ער געפֿערלעך (קאָן צעשטערן דעם נאָרמאַלן גאַנג פֿונם װירטשאַפֿטלעכן לעבן פֿון לאַנד, קאָן אױסלײדיגן די קאַסעס פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראײנען), ער קאָן ניט פֿאַרבײטן די פּאַרלאַמענטאַרישע קאַמפֿס־פֿאָרמען, װאָס זײ זײנען די הױפּט־פֿאָרמען פֿונם קלאַסנקאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט. גוט, ענטפֿערן די לעניניסטן. אָבער, ערשטנס, האָט ענגעלס קריטיקירט ניט יעדן אַלגעמײנעם סטרײק, נאָר אַ באַשטימטן מין אַלגעמײנעם סטרײק, דעם אַלגעמײנעם עקאָנאָמישן סטרײק פֿון די אַנאַרכיסטן, װעלכן די לעצטע האָבן אַרױסגעשטעלט אָנשטאָט דעם פּאָליטישן קאַמף פֿונם פּראָלעטאַריאַט, — איז װאָס פֿאַר אַ שײכות האָט דערצו דער מעטאָד פֿון אַלגעמײנעם פּאָליטישן סטרײק? צװײטנס, װער און װאו האָט דערװיזן, אַז די פּאַרלאַמענטאַרישע פֿאָרם פֿון קאַמף איז די הױפּט־פֿאָרם פֿונם קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט? באַװײזט דען ניט די געשיכטע פֿון דער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג, אַז דער פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמף איז בלױז אַ שול און אַן אונטערשטיצונג פֿאַר דער אָרגאַניזירונג פֿונם אױסערפּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף פֿונם פּראָלעטאַריאַט, אַז די גרונט־פֿראַגן פֿון דער אַרבעטער־באַװעגונג װערן בײם קאַפּיטאַליזם בשלאָסן דורך קראַפֿט, דורך דעם אומ־מיטלבאַרן קאַמף פֿון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, דורך זײער אַלגעמײנעם סטרײק, דורך זײער אױפֿשטאַנד? דריטנס, פֿון װאַנען האָט זיך גענומען די פֿראַגע װעגן פֿאַרבײטן דעם פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף דורך דער מעטאָדע פֿון אַלגעמײנעם פּאָליטישן סטרײק? װען און װאו האָבן די אָנהײנגער פֿונם אַלגעמײנעם פּאָליטישן סטרײק געפּרואװט פֿאַרבײטן די פּאַרלאַמענטאַרישע קאַמפֿס־פֿאָרמען מיט אױסערפּאַרלאַמענטאַרישע קאַמפֿס־פֿאָרמען? פֿערטנס, האָט דען די רעװאָלוציע אין רוסלאַנד ניט באַװיזן, אַז דער אַלגעמײנער פּאָליטישער סטרײק איז די גרעסטע שול פֿון פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע און אַן אומפֿאַרגלײכלעך מיטל אױף צו מאָביליזירן און אָרגאַניזירן די ברײטסטע מאַסן פֿונם פּראָלעטאַריאַט ערב דעם שטורעם פֿון די פֿעסטונגען פֿון קאַפּיטאַליזם, — איז צו װאָס טױגן דאָ די פֿיליסטערישע יללות װעגן דער צעשטערונג פֿונם נאָרמאַלן גאַנג פֿונם װירטשאַפֿטלעכן לעבן און װעגן די קאַסעס פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראײנען? איז דען ניט קלאָר, אַז די פּראַקטיק פֿון רעװאָלוציאָנערן קאַמף צעקלאַפּט אױך די דאָזיגע דאָגמע פֿון די אָפּאָרטוניסטן?

און אַזױ װײטער, און אַזױ װײטער.

אָט פֿאַרװאָס לענין האָט געזאָגט, אַז „די רעװאָלוציאָנערע מעטאָדע איז ניט קײן דאָגמע״, אַז „זי בילדעט זיך ענדגילטיג אױס בלױז אין ענגן צוזאַמענ־

בונד מיט דער פּראַקטיק פון אַ באמת מאַסאָווער און באמת רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג („די קינדערשע קראַנקהייט"), ווייל די טעאָריע דאַרף דינען דער פּראַקטיק, ווייל „די טעאָריע דאַרף ענטפערן אויף די פראַגן, וועלכע ווערן אַרויסגערוקט דורך דער פּראַקטיק" („פּריינט פון פּאָלק"), ווייל זי דאַרף קאָנטראָלירט ווערן דורך די דאַטן פון דער פּראַקטיק.

וואָס איז שייך די פּאָליטישע לאָזונגען און פּאָליטישע באַשלוסן פון די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, איז גענוג צו דערמאָנען די גאַנצע פּאַלשקייט און צעפוילטקייט פון דער פּאָליטישער פּראַקטיק פון די דאָזיגע פּאַרטייען, וועלכע פּאַרדעקן זייער אַנטי־רעוואָלוציאָנערע אַרבעט מיט פּאָמפּעזע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און רעזאָלוציעס. אַלע געדיינקען די פּאָמפּעזע דעמאָנסטראַציע פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אויפן באַזעלער קאָנגרעס, מיט דראָאונגען פון אַלע שרעקן פון אויפשטאַנד געגן די אימפּעריאַליסטן, אויב זיי וועלן זיך באַשליסן אָנצוהויבן אַ מלחמה, און מיטן גרויזאַמען לאָזונג „קריג דעם קריג". ווער געדיינקט אָבער ניט, אַז אין אַ געוויסער צייט אַרום, פאַרן סאַמע אָנהויב פון דער מלחמה, איז די באַזעלער רעזאָלוציע אַוועקגעלייגט געוואָרן אונטערן געוואַנט, און די אַרבעטער איז געגעבן געוואָרן אַ נייער לאָזונג — אויסראָטן איינער דעם אַנדערן צום רום פונם קאַפּיטאַליסטישן פּאָטערלאַנד? איז דען ניט קלאָר, אַז די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און רעזאָלוציעס זיינען קיין גראָשן ניט ווערט, אויב זיי ווערן ניט באַפעסטיגט דורך מעשים? מען דאַרף בלויז פאַרגלייכן די לענינישע פּאָליטיק פון פאַרוואַנדלען דעם אימפּעריאַליסטישן קריג אין אַ בירגער־קריג מיט דער פאַררעטערישער פּאָליטיק פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל בשעת דער מלחמה, כדי צו פאַרשטיין די גאַנצע פּלאַכקייט פון די פּאָליטיקאַנער פון אָפּאָרטוניזם, די גאַנצע גרויסקייט פונם מעטאָד פון לעניניזם. איך קאָן ניט דאָ ניט ברייגען איין וואָרט פון לענינ'ס בוך: „די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַוטסקי", וואו ער שמייסט שאַרף דעם אָפּאָרטוניסטישן פּרואוו פונם לידער פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, קאַרל קאַוטסקי, צו אורטיילן וועגן פּאַרטייען ניט לויט זייערע מעשים, נאָר לויט זייערע פּאַפּירענע לאָזונגען און דאָקומענטן:

„קאַוטסקי פירט דורך אַ טיפּישע באַלעבאַטיש־פּיליסטערישע פּאָליטיק, זיך איינבילדנדיג, אַז ווען מען שטעלט אַרויס אַ לאָזונג, ענדערט דאָס כלומרשט די לאַגע. די גאַנצע געשיכטע פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע דעמאַסקירט די דאָזיגע אילוזיע: כדי אָפּצונאַרן דאָס פּאָלק, האָבן די בורזשואַזע דעמאָקראַטן שטענדיג אַרויסגעשטעלט און שטעלן שטענדיג אַרויס וועלכע 'לאָזונגען' איר ווילט. עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז מען זאָל דורכקאָנטראָלירן זייער אויפריכטיגקייט, אַז מען זאָל מיט ווערטער פאַרגלייכן מעשים, אַז מען זאָל זיך ניט באַנוגענען מיט קיין אידעאַליסטישער אָדער שאַרלאַטאַנישער פּראַזע, נאָר מען זאָל זיך דערקלייבן צו דער קלאַסן־רעאַלקייט."

איך רייד שוין ניט וועגן דער מורא פון די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל פאַר זעלבסטקריטיק, וועגן זייער מאַניר צו באַהאַלטן זייערע פעלערן, צו פאַרטושן וויטאָגדיגע פראַגן, צו פאַרדעקן זייערע דעפעקטן מיט פאַלשע וואוילשטאַנד־פּאַראַדן, וועלכע פאַרטעמפּן דעם לעבעדיגן געדאַנק און פאַרהאַלטן די זאַך פון רעוואָלוציאָנערער דערציאונג פון דער פּאַרטיי אויף אירע אייגענע פעלערן, אַ מאַניר, וועלכע איז דורך לענינ'ען געוואָרן אויס־

געלאַכט און צוגעשמידט צום שאַנדסלופּ. אָט וואָס לענין האָט געשריבן וועגן דער זעלבסטקריטיק פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אין זיין בראָשור „די קינדערשע קראַנקהייט״:

„די באַציאונג פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי צו אירע פעלערן איז איינער פון די וויכטיגסטע און ריכטיגסטע קריטעריען פון דער ערנסטקייט פון דער פּאַרטיי און פון דעם, ווי אַזוי זי פירט אין טאַט אויס אירע פליכטן בנוגע צו איר קלאַס און צו די אַרבעטנדיגע מאַסן. אָפן אָנערקענען אַ פעלער, אויפדעקן זיינע סיבות, דורכאַנאַליזירן די סיטואַציע, וועלכע האָט אים אַרויסגערופן, באַטראַכטן אויפמערקזאַם די מיטלען, ווי אַזוי אויסצובעסערן דעם פעלער — אָט דאָס איז אַ סימן פון אַן ערנסטער פּאַרטיי, אָט דאָס הייסט אַז זי פילט אירע פליכטן. אָט דאָס הייסט דערציען און לערנען דעם קלאַס, און דערנאָך די מאַסן.״

אַנדערע זאָגן, אַז אויפדעקן די אייגענע פעלערן און זיך אַליין קריטיקירן איז געפערלעך פאַר דער פּאַרטיי, ווייל די געגנער קאָנען דאָס אויסנוצן געגן דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט. לענין האָט אַזוינע אויסזעצונגען געהאַלטן פאַר ניט ערנסט און אַבסאָלוט ניט ריכטיג. אָט וואָס ער האָט געזאָגט וועגן דעם נאָך אין יאָר 1904, אין זיין בראָשור „אַ טריט פאָראויס״, ווען אונזער פּאַרטיי איז נאָך געווען שוואַך און אומבאַדייטענד:

„זיי, ד. ה. די געגנער פון די מאַרקסיסטן, קלייבן בייזן נחת און קרימען זיך, באַטראַכטנדיג אונזערע שטרייטן: זיי וועלן זיך, פאַרשטייט זיך, באַמיען אַרויסצורייסן, פאַר זייערע צוועקן, איינצלנע ערטער פון מיין בראָשור, וועלכע איז געווידמעט די פעלערן און דעפעקטן פון אונזער פּאַרטיי. די רוסישע מאַרקסיסטן זיינען שוין אָבער גענוג אויסגעפּרובירט אין געפעכטן, אַז זיי זאָלן זיך ניט דערשרעקן פאַר אַזוינע קניפּן, אַז זיי זאָלן, ניט געקוקט דערויף, ווייטער פירן די אַרבעט פון זעלבסטקריטיק און אום׳ברחמנות׳דיג אויפדעקן די אייגענע מינוסן, וועלכע מוזן אומבאַדינגט און אומפאַרמיידלעך אַריבערגעשטיגן ווערן דורכן וואוקס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג...״

אָט דאָס זיינען, אין אַלגעמיין, די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער מעטאָדע פון לעניניזם.

דאָס, וואָס ס׳איז געגעבן געוואָרן אין לענינ׳ס מעטאָדע, איז פונדאַמענטאַל שוין געווען אין דער לערע פון מאַרקס׳ן, וועלכע איז, לויט די ווערטער פון מאַרקס׳ן, „אין תוך אַ קריטישע און רעוואָלוציאָנערע״. טאַקע אָט דער קריטישער און רעוואָלוציאָנערער גייסט דרינגט דורך פון אָנהויב ביזן סוף לענינ׳ס מעטאָדע. עס וואָלט אָבער ניט ריכטיג געווען צו מיינען, אַז לענינ׳ס מעטאָדע איז אַן איינפאַכע רעסטאַווראַציע פון דעם, וואָס עס איז שוין געגעבן געוואָרן דורך מאַרקס׳ן. אין דער אמת׳ן איז לענינ׳ס מעטאָדע ניט נאָר אַ צוריקאויפשטעלונג, נאָר אויך אַ קאָנקרעטיזירונג און אַ ווייטערדיגע אַנטוויקלונג פון מאַרקס׳עס קריטישער און רעוואָלוציאָנערער מעטאָדע, פון זיין מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק.

---

## דריטע לעקציע

# די טעאָריע פון לעניניזם

פון דער דאָזיגער טעמע נעם איך דריי פראַגן: א) וועגן דער באַדייטונג פון טעאָריע פאַר דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, ב) וועגן דער קריטיק פון דער „טעאָריע" פון ספּאָנטאַנקייט, און ג) וועגן דער טעאָריע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

א) וועגן דער באַדייטונג פון טעאָריע. אַנדערע מיינען, אַז לעניניזם דאָס איז אויבערהערשאַפט פון פּראַקטיק איבער טעאָריע, אין דעם זין, וואָס דער עיקר אין אים איז די פאַרוואַנדלונג פון די מאַרקסיסטישע גרונדלאַגן אין טאַט, די „דורכפירונג" פון די דאָזיגע גרונדלאַגן; וואָס איז אָבער שייך טעאָריע, איז דער לעניניזם אין דעם פּרט כלומרשט גאַנץ זאָרגלאָז. עס איז באַקאַנט, אַז פּלעכאַנאָוו האָט ניט איין מאָל חוזק געמאַכט פון לענינ'ס „זאָרג-לאָזיגקייט" בנוגע טעאָריע און באַזונדערס פילאָזאָפיע. עס איז אויך באַ-קאַנט, אַז פילע איצטיגע פּראַקטיקער-לעניניסטן האַלטן ניט שטאַרק פון טעאָריע, באַזונדערס צוליב דעם תהום פּראַקטישער אַרבעט, וואָס זיי זיינען געצוואונגען אויף זיך צו טראָגן. איך מוז דערקלערן, אַז אָט די מער ווי משונה'דיגע מיינונג וועגן לענינ'ען און וועגן לעניניזם איז אַבסאָלוט ניט ריכטיג און שטימט אין קיין פאַל ניט מיט דער ווירקלעכקייט, אַז די שטרעבונג פון די פּראַקטיקער אָוועקצומאַכן די טעאָריע מיט דער האַנט ווידערשפּרעכט דעם גאַנצן גייסט פון לעניניזם און אַנטהאַלט אין זיך גרויסע געפאַרן פאַר דער אַרבעט.

טעאָריע דאָס איז די דערפאַרונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג פון אַלע לענדער, גענומען אין איר אַלגעמיינער פאָרם. די טעאָריע ווערט זאַכלאָז, אויב זי ווערט ניט צוזאַמענגעבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק, פּונקט ווי די פּראַקטיק ווערט בלינד, אויב זי באַלייכט ניט דעם וועג פאַר זיך דורך דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע. טעאָריע ווערט אָבער די גרעסטע קראַפט פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, ווען זי שאַפט זיך אין אַ ניט-צעריים-באַרער פאַרבינדונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק, ווייל זי און נאָר זי קאָן צוגעבן דער באַוועגונג זיכערקייט, אָריענטירונגס-קראַפט און די קראַפט צו באַנעמען דעם אינערלעכן צוזאַמענבונד פון די אַרומיגע געשעענישן, ווייל זי און נאָר זי קאָן מיטהעלפן דער פּראַקטיק צו פאַרשטיין ניט בלויז ווי אַזוי און וואוהין עס באַוועגן זיך איצט די קלאַסן, נאָר אויך ווי אַזוי און וואוהין זיי דאַרפן זיך אַ ריר טאָן אין דער נאָענטסטער צוקונפט. ניט קיין אַנדערער, נאָר גראָד לענין האָט אַרויסגעזאָגט און צענדליגער מאָל איבער-גע'חזר'ט די באַוואוסטע הנחה, אַז:

„אָן רעוואָלוציאָנערער טעאָריע קאָן ניט זיין קיין רעוואָלוציאָנערע פּראַק-טיק." („וואָס דאַרף מען טאָן?").

לענין האָט, מער ווי ווער ניט איז אַנדערש, פאַרשטאַנען די וויכטיגע באַדייטונג פון טעאָריע, באַזונדערס פאַר אַזאַ פּאַרטיי, ווי אונזערע, נעמענדיג

אין אַכט די ראָלע פון אַ פאָרגעשריטענעם קעמפער פונם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטריאַט, וועלכע איז אויסגעפאַלן אויף איר גורל, און די קאָמפּליצירטקייט פון דער אינערלעכער און אינטערנאַציאָנאַלער סיטואַציע, וועלכע רינגלט זי אַרום. אָנשטויסנדיג זיך פאָראויס וועגן דער באַזונדערער ראָלע פון אונזער פּאַרטיי נאָך אין 1902 יאָר, האָט ער שוין דעמאָלט געהאַלטן פאַר נויטיג צו דערמאָנען, אַז:

„די ראָלע פון אַ פאָרגעשריטענעם קעמפער קאָן אויספירן נאָר אַזאַ פּאַרטיי, וואָס ווערט אָנגעפירט פון אַ פאָרגעשריטענער טעאָריע." (זע: „וואָס דאַרף מען טאָן?").

אָסור אויב מען דאַרף נאָך דערווייזן, אַז איצט, ווען לעניג'ס פאָראויסזאָגן וועגן דער ראָלע פון אונזער פּאַרטיי איז שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן, באַקומט די דאָזיגע לעניג'ס הנחה אַ באַזונדערע קראַפט און אַ באַזונדערע באַדייטונג.

פאַר דעם קלאָרסטן אויסדרוק פון דער הויכער באַדייטונג, וואָס לענין האָט צוגעגעבן דער טעאָריע, דאַרף מען אפשר רעכענען דעם פאַקט, וואָס גראָד לענין האָט זיך גענומען אויספירן די סאַמע ערנסטע אויפגאַבע פון פאַראַלגעמיינערן לויט דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע דאָס וויכטיגסטע פון דעם, וואָס די וויסנשאַפט האָט געגעבן פאַר דער צייט פון ענגעלס'ן ביז לעניג'ען, ווי אויך אַלזייטיג צו קריטיקירן די אַנטי־מאַטעריאַליסטישע ריכטונגען צווישן די מאַרקסיסטן. ענגעלס פלעגט זאָגן, אַז „דעם מאַטעריאַליזם קומט אויס אָנצונעמען אַ נייע פאָרם מיט יעדער נייער גרויסער אַנטדעקונג". עס איז באַקאַנט, אַז די דאָזיגע אויפגאַבע האָט פאַר זיין צייט אויסגעפירט גראָד לענין אין זיין מערקווירדיגן בוך „מאַטעריאַליזם און עמפּיריאָקריטיציזם". עס איז באַקאַנט, אַז פּלעכאַנאָוו, וועלכער האָט ליב געהאַט צו שפּאַסן אבער לעניג'ס „זאָרגלאָזיגקייט" בנוגע פילאָזאָפיע, האָט זיך ניט באַשלאָסן ערנסט אפילו צוגיין צו דער אויספירונג פון אַזאַ אויפגאַבן.

ב) די קריטיק פון דער „טעאָריע" פון סטיכישקייט, אָדער וועגן דער ראָלע פונם אַוואַנגאַרד אין דער באַוועגונג. די „טעאָריע" פון סטיכישקייט איז אַ טעאָריע פון אָפּאָרטוניזם, אַ טעאָריע פון בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ טעאָריע פון פאַקטיש אָפּלייקענען די אָנפירנדיגע ראָלע פונם אַוואַנגאַרד פונם אַרבעטער־קלאַס, פון דער פּאַרטיי פונם אַרבעטער־קלאַס.

די טעאָריע פון בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט טרעט אַנטשידן אַרויס געגן דעם רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. זי איז געגן דעם, אַז די באַוועגונג זאָל געווענדעט ווערן אויף דער ליניע פון קאַמף געגן די פונדאַמענטן פון קאַפּיטאַליזם, — זי איז פאַר דעם, אַז די באַוועגונג זאָל גיין אויסשליסלעך לויט דער ליניע פון „אויספירבאַרע", פאַרן קאַפּיטאַליזם „אָננעמבאַרע" פאָדערונגען, זי איז אינגאַנצן פאַר דער „ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד". די טעאָריע פון סטיכישקייט דאָס איז די טעאָריע פון טרייד־יוניאָניזם.

די טעאָריע פון בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט איז קאַטעגאָריש געגן דעם, אַז דער סטיכישער באַוועגונג זאָל צוגעגעבן ווערן אַ באַוואוסטזיניגער, פּלאַנמעסיגער כאַראַקטער, זי איז געגן דעם, אַז די פּאַרטיי זאָל גיין פאָראויס פאַרן אַרבעטער־קלאַס, אַז די פּאַרטיי זאָל אויפהויבן די מאַסן צו דער מדרגה פון באַוואוסטזיניגקייט, אַז די פּאַרטיי זאָל פירן נאָך זיך די באַוועגונג, —

זי איז דערפאַר, אַז די באַוואוסטזיניגע עלעמענטן זאָלן ניט שטערן דער באַוועגונג צו גיין מיט איר וועג; זי איז דערפאַר, אַז די פּאַרטיי זאָל זיך בלויז צוהערן צו דער סטיכישער באַוועגונג און זאָל זיך נאָכשלעפּן אין עק נאָך איר. די טעאָריע פון סטיכישקייט איז אַ טעאָריע פון פאַרמינדערן די ראָלע פונם באַוואוסטזיניגן עלעמענט אין דער באַוועגונג, די אידעאָלאָגיע פון „עקיזם"*), דער לאָגישער יסוד פאַר יעטווידער אָפּאָרטוניזם.

פּראַקטיש האָט די דאָזיגע טעאָריע, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן אויף דער סצענע נאָך פאַר דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, געפירט דערצו, אַז אירע אָנהייגגער, די אַזוי-גערופענע „עקאָנאָמיסטן", האָבן געלייקנט אין דער נויטווענדיגקייט פון אַ זעלבסטשטענדיגער אַרבעטער-פּאַרטיי אין רוסלאַנד, זיינען אַרויסגעטראָטן געגן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונם אַרבעטער-קלאַס פאַר שטירצן דעם צאַריזם, האָבן געפּריידיגט אַ טרייד-יוניאָניסטישע פּאָליטיק אין דער באַוועגונג אונטער דער העגעמאָניע פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע.

דער קאַמף פון דער אַלטער „איסקראַ" און די גלענצנדיגע קריטיק פון דער טעאָריע פון „עקיזם", וואָס לענין האָט געגעבן אין זיין בראָשור „וואָס דאַרף מען טאָן?", האָט ניט נאָר צעקלאַפּט דעם אַזוי-גערופענעם „עקאָנאָמיזם", נאָר האָט אויך באַשאַפן די טעאָרעטישע יסודות פאַר דער ווירקלעכער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פונם רוסישן אַרבעטער-קלאַס.

אָן דעם דאָזיגן קאַמף וואָלט גאָר ניט געווען וואָס צו טראַכטן אפילו וועגן באַשאַפן אַ זעלבסטשטענדיגע אַרבעטער-פּאַרטיי אין רוסלאַנד און וועגן דעם, אַז זי זאָל שפּילן אַן אָנפירנדיגע ראָלע אין דער רעוואָלוציע.

אָבער די טעאָריע פון בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט איז ניט בלויז אַ רוסישע דערשיינונג. זי האָט די ברייטסטע פאַרשפּרייטונג, אמת, אַ ביסל אין אַן אַנדער פאָרם, אין אַלע אָן אויסנאַם פּאַרטייען פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. איך מיין דאָ די אַזוי-גערופענע טעאָריע פון „פּראָדוקטיוון קרעפטן", וועלכע איז באַנאַליזירט געוואָרן דורך די לידערס פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע באַרעכטיגט אַלץ און מאַכט שלום צווישן אַלעמען, קאָנסטאַטירט פאַקטן און דערקלערט זיי נאָך דעם, ווי זיי זיינען שוין אַלעמען דערעסן געוואָרן, און, קאָנסטאַטירנדיג, באַרואיגט זי זיך דערויף. מאַרקס פלעגט זאָגן, אַז די מאַטעריאַליסטישע טעאָריע טאָר זיך ניט באַנוגענען מיטן דערקלערן די וועלט, זי דאַרף זי נאָך אומענדערן. אָבער קאַוטסקי'ן און קאָמפּ. גייט דאָס ניט אָן, זיי האַלטן בעסער פון פאַרבלייבן ביים ערשטן טייל פון מאַרקס'עס פאָרמול. אָט איז איינער פון די פיל ביישפּילן פון אָנווענדן די דאָזיגע „טעאָריע". מען זאָגט, אַז פאַר דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה האָבן די פּאַרטייען פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל געסטראַשעט, אַז זיי וועלן דערקלערן „אַ מלחמה דער מלחמה". מען זאָגט, אַז סאַמע ערב מלחמה האָבן די דאָזיגע פּאַרטייען באַהאַלטן אונטערן געוואַנט דעם לאָזונג פון „מלחמה דער מלחמה" און האָבן דורכגעפירט אין לעבן אַ פאַרקערטן לאָזונג וועגן „מלחמה פאַרן אימפּעריאַליסטישן פאָטערלאַנד". מען זאָגט, אַז דער רעזולטאַט פון דעם דאָזיגן אומבייט פון לאָזונגען זיינען געווען מיליאָנען קרבנות פון די אַרבעטער. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דאָ זיינען

*) „עק", אויף רוסיש „כוואָסט". לענינ'ס שלאָגוואָרט „כוואָסטיזם" — זיך נאָכשלעפּן נאָכן עק.

פאראן שולדיגע, אז עמיצער האט דא געפעלשט אינם ארבעטער־קלאס, האט אים פארראטן. עס הויבט זיך ניט אן! אלץ איז פארגעקומען אזוי, ווי דאס האט געדארפט פארקומען. ערשטנס, דערפאר, ווייל דער אינטערנאציאנאל איז „אן אינסטרומענט פון שלום" און ניט פון מלחמה; צווייטנס, דערפאר, ווייל ביי דעם צושטאנד פון די „פראדוקטיווע קרעפטן", וועלכער איז צו יענער צייט געווען, האט מען אנדערש ניט געקאנט מאכן. „שולדיג" זיינען די „פראדוקטיווע קרעפטן". דאס „דערקלערט" אונז פינקטלעך די „טעאריע פון פראדוקטיווע קרעפטן" פונם הער קאוטסקי, און ווער עס גלויבט ניט אין דער דאזיגער „טעאריע", דער איז קיין מארקסיסט ניט. די ראלע פון פארטייען? וואס קאן אבער אויפטאן א פארטיי מיט אזא אנטשיידנדיגן פאקטאר, ווי דער „צושטאנד פון די פראדוקטיווע קרעפטן"?...

אזעלכע ביישפילן פון פאלסיפיצירן דעם מארקסיזם וואלט מען געקאנט ברענגען א גאנצן פאק.

אסור אויב מען דארף נאך דערווייזן, אז אט דער פאלסיפיצירטער „מארקסיזם", וועלכער איז בארופן צו פארדעקן די נאקעטקייט פונם אפאר־טוניזם, איז בלויז אויף אן אייראפייאישן שטייגער אומגעענדערטע פארם פון דעם זעלביגן „עקיזם", מיט וועלכן לענין האט מלחמה געהאלטן נאך פאר דער ערשטער רעוואלוציע.

אסור אויב מען דארף נאך דערווייזן, אז די צעשטערונג פון דער דאזיגער טעארעטישער פאלסיפיקאציע איז א פארבאדינג פאר דער באשאפונג פון ווירקלעך־רעוואלוציאנערע פארטייען אויפן מערב.

ג) די טעאריע פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע. די לענינישע טעאריע פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע גייט ארויס פון דריי גרונט־הנחות.

ערשטע הנחה. די הערשאפט פונם פינאנץ־קאפיטאל אין די פארגע־שריטענע לענדער פונם קאפיטאליזם; דאס ארויסלאזן פון ווערט־פאפירן, אלס וויכטיגסטע אפעראציע פונם פינאנץ־קאפיטאל; דער ארויספיר פון קאפיטאל צו די קוואלן פון רוישטאף, אלס איינער פון די פונדאמענטן פונם אימפעריאליזם; די אלמעכטיגקייט פון דער פינאנציעלער אליגארכיע, אלס רעזולטאט פון דער הערשאפט פונם פינאנץ־קאפיטאל, — דאס אלץ דעקט אויף דעם גראב־פאראזיטישן כאראקטער פונם מאנאפאליסטישן קאפיטאליזם, מאכט אין הונדערט מאל פילבארער דעם יאך פון די קאפיטאליסטישע טראסטס און סינדיקאטן, פארשטארקט דעם וואוקס פון דעם צארן פון ארבע־טער־קלאס געגן די פונדאמענטן פונם קאפיטאליזם. פירט־צו די מאסן הארט צו דער פראלעטארישער רעוואלוציע, אלס דער איינציגער רעטונג. (זע לענינ׳ס „אימפעריאליזם".)

דערפון קומט דער ערשטער אויספיר: די פארשארפונג פונם רעוואלו־ציאנערן קריזיס אין די קאפיטאליסטישע לענדער, דער אנוואוקס פון אויפרייס־עלעמענטן אויפן אינערלעכן פראלעטארישן פראנט אין די „מעטרא־פאליעס".

צווייטע הנחה. דער פארשטארקטער ארויספיר פון קאפיטאל אין די קאלאניאלע לענדער; די פארברייטערונג פון די „ווירקונגס־ספערן" און קאלאניאלע באזיצן, וואס דערגייט שוין ביזן ארייכנאפן דעם גאנצן ערד־קוגל; די פארוואנדלונג פונם קאפיטאליזם אין אן אלוועלטלעכער סיסטעם פון פינאנציעלער פארשקלאפונג און קאלאניאלער אונטערדריקונג פון דער

גיגאַנטישער מערהייט באַפעלקערונג אויף דער ערד דורך אַ הייפל „פאַרגעשריטענע" לענדער, — דאָס אַלץ האָט, פון איין זייט, פאַרוואַנדלט די באַזונדערע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפטן און נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס אין רינגען פון איין איינהייטלעכער קייט, וועלכע הייסט וועלט־ווירטשאַפט; פון דער אַנדערער זייט — האָט עס צעשפּאָלטן די באַפעלקערונג פונם ערד־קוגל אויף צוויי לאַגערן: אויף אַ הייפל „פאַרגעשריטענע" קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע עקספּלואַטירן און אונטערדריקן די גרויסע קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער, און אויף אַ קאָלאָסאַלער מערהייט קאָלאָניאַל און אָפּהענגיקע לענדער, וועלכע זיינען געצוואונגען צו פירן אַ קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון אונטערן אימפּעריאַליסטישן יאָך. (זע: „אימפּעריאַליזם".)

דערפון קומט דער צווייטער אויספיר: די פאַרשאַרפונג פונם רעוואָלוציאָנערן קריזיס אין די קאָלאָניאַלע לענדער, דער אָנוואוקס פונם אויפרעגונגס־עלעמענט געגן דעם אימפּעריאַליזם אויפן אויסערלעכן, קאָלאָניאַלן פראָנט.

דריטע הנחה. דער מאָנאָפּאָליסטישער באַזיץ פון „ווירקונגס־ספערן" און קאָלאָניעס; די ניט־גלייכמעסיגע אַנטוויקלונג פון פאַרשיידענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס דאָס פירט צו אַ ווילדן קאַמף פאַר דער איבערפאַרטיילונג פון דער וועלט צווישן די לענדער, וועלכע האָבן שוין פאַרכאַפּט טעריטאָריעס, און די לענדער, וועלכע ווילן באַקומען זייער „חלק"; אימפּעריאַליסטישע מלחמות, אַלס דאָס איינציקע מיטל צוריק אויפצושטעלן דעם צעשטערטן „גלייכגעוויכט", — דאָס אַלץ פירט צו דער פאַרשטאַרקונג פונם דריטן פראָנט, פונם צווישנקאַפּיטאַליסטישן פראָנט, וועלכער שוואַכט אָפּ דעם אימפּעריאַליזם און פאַרלייכטערט די פאַראייניקונג פון די צוויי ערשטע פראָנטן געגן דעם אימפּעריאַליזם, פונם רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישן פראָנט און קאָלאָניאַל־באַפרייערישן פראָנט. (זע: „אימפּעריאַליזם".)

דערפון קומט דער דריטער אויספיר: אומפאַרמיידלעכקייט פון מלחמה ביים אימפּעריאַליזם און די אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ קאָאַליציע צווישן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין איירּאָפּע מיט דער קאָלאָניאַלער רעוואָלוציע אויפן מזרח אין איין איינהייטלעכן אַלוועלטלעכן פראָנט פון רעוואָלוציע געגן דעם אַלוועלטלעכן פראָנט פון אימפּעריאַליזם.

די אַלע אויספירן ווערן ביי לעניג'ען פאַראייניקט אין איין אַלגעמיינעם אויספיר וועגן דעם, אַז „דער אימפּעריאַליזם איז דער ערב פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע." (זע: „אימפּעריאַליזם".)

אין הסכם דערמיט בייט זיך אויך דער צוגאַנג גופא צו דער פראַגע וועגן פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, דער כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציע, איר פאַרנעם, איר טיפקייט, די סכעמע פון דער רעוואָלוציע בכלל.

פריער פלעגט מען געוויינלעך צום אַנאַליז פון די פאָרבאַדינגונגען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע צוגיין פונם שטאַנדפּונקט פונם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון דעם אָדער יענעם באַזונדערן לאַנד. איצט מוז מען צוגיין צו דער פראַגע פונם שטאַנדפּונקט פונם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון אַלע לענדער אָדער פון דער מערהייט לענדער, פונם שטאַנדפּונקט פון דער וועלט־ווירטשאַפט, ווייל באַזונדערע לענדער און באַזונדערע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפטן האָבן אויפגעהערט צו זיין זעלבסטשטענדיקע איינסן אַליין פאַר זיך, זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רינגען פון איין איינהייטלעכער קייט, וועלכע הייסט וועלט־ווירטשאַפט, ווייל דער אַלטער „קולטורעלער" קאַפּיטאַליזם איז אַריבער־

געוואַקסן אין אימפּעריאַליזם, און אימפּעריאַליזם איז אַן אַלוועלטלעכע סיסטעם פון פינאַנציעלער פאַרשקלאַפונג און קאָלאָניאַלער אונטערדריקונג פון דער גיגאַנטישער מערהייט באַפעלקערונג אויף דער ערד דורך אַ הייפל „פאָרגעשריטענע" לענדער.

פריער איז אָנגענומען געווען צו ריידן וועגן זיין אָדער פעלן פון אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין איינצלנע לענדער, אָדער ריכטיגער — אין דעם אָדער אין יענעם אַנטוויקלטן לאַנד. איצט איז שוין אַזאַ שטאַנדפּונקט ניט גענוג. איצט מוז מען ריידן וועגן דעם זיין פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַר דער רעוואָלוציע אין דער גאַנצער סיסטעם פון דער אַלוועלטלעכער אימפּעריאַליסטישער ווירטשאַפט, אַלס אַן איינהייטלעך גאַנצעס. דאָס, וואָס אינם באַשטאַנד פון דער דאָזיגער סיסטעם זיינען פאַראַן איניגע לענדער, וועלכע זיינען ניט גענוג אַנטוויקלט אין אינדוסטריעלן זינען, קאָן דערביי ניט דינען פאַר קיין אומבאַזיגבאַרע שטערונג פאַר דער רעוואָלוציע, אויב די סיסטעם אינגאַנצן גענומען אָדער, ריכטיגער, ווייל די סיסטעם אינגאַנצן גענומען איז שוין רייף געוואָרן פאַר דער רעוואָלוציע.

פריער איז אָנגענומען געווען צו ריידן וועגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין דעם אָדער אין יענעם אַנטוויקלטן לאַנד, ווי וועגן אַ זעלבסטשטענדיקער גרויס, וואָס ווערט אַוועקגעשטעלט געגן דעם באַזונדערן, נאַציאָנאַלן פראָנט פון קאַפּיטאַל, אַלס זיין געגנזאַץ. איצט איז אַזאַ שטאַנדפּונקט ניט גענוג. איצט מוז מען ריידן וועגן דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, ווייל די באַזונדערע נאַציאָנאַלע פראָנטן פון קאַפּיטאַל זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רינגען פון איין איינהייטלעכער קייט, וועלכע הייסט אַלוועלטלעכער פראָנט פון אימפּעריאַליזם, וואָס אַנטקעגן אים דאַרף אַוועקגעשטעלט ווערן אַן אַלגעמיינער פראָנט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון אַלע לענדער.

פריער פלעגט מען באַטראַכט די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, ווי אַ רעזולטאַט אויסשליסלעך פון דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פונם געגעבענעם לאַנד. איצט איז שוין אַזאַ שטאַנדפּונקט ניט גענוג. איצט מוז מען באַטראַכטן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע פריער פון אַלץ ווי אַ רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון די ווידערשפּרוכן אין דער אַלוועלטלעכער סיסטעם פון אימפּעריאַליזם, ווי אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס די קייט פונם אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליסטישן פראָנט אין דעם אָדער אין יענעם לאַנד איז צעריסן געוואָרן.

וואו וועט זיך אָנהויבן די רעוואָלוציע, וואו קאָן פריער פון אַלץ דורכגעריסן ווערן דער פראָנט פונם קאַפּיטאַל, אין וועלכן לאַנד?

— דאָרט, וואו עס איז מער אַנטוויקלט די אינדוסטריע, וואו דער פּראָלעטאַריאַט בילדעט די מערהייט, וואו עס איז פאַראַן מער קולטורעלקייט, וואו עס איז פאַראַן מער דעמאָקראַטיע, — פלעגט מען געוויינלעך ענטפערן פריער.

— ניין, — דערווידערט די לענינישע טעאָריע פון רעוואָלוציע, — ניט דוקא דאָרט, וואו די אינדוסטריע איז מער אַנטוויקלט א. אַז. וו. דער פראָנט פון קאַפּיטאַל וועט דורכגעריסן ווערן דאָרט, וואו די קייט פון אימפּעריאַליזם איז שוואַכער, ווייל די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע איז אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס די קייט פונם אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליסטישן פראָנט אין איר

שוואכסטן אָרט איז צעריסן געוואָרן. דערביי קאָן זיך ארויסווייזן, אַז דאָס לאַנד, וואָס האָט אָנגעהויבן די רעוואָלוציע, וואָס האָט דורכגעריסן דעם פראָנט פון קאַפּיטאַל, איז ווייניגער אַנטוויקלט אין קאַפּיטאַליסטישער היג־זיכט, ווי אַנדערע, מער אַנטוויקלטע לענדער, וועלכע זיינען פונדעסטוועגן פאַרבליבן אין די ראַמען פון קאַפּיטאַליזם.

אין 1917 יאָר האָט זיך די קייט פונם אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליסטישן פראָנט אַרויסגעוויזן אין רוסלאַנד שוואַכער, ווי אין אַנדערע לענדער. דאָ איז זי אויך דורכגעריסן געוואָרן, געבנדיג אַן אויסגאַנג דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל אין רוסלאַנד האָט זיך פאַנאַנדער־געוויקלט די גרעסטע פאָלקס־רעוואָלוציע, וואָס אָן דעם שפּיץ פון איר איז געגאַנגען דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט, האָבנדיג אַזאַ ערנסטן פאַר־בינדעטן, ווי דאָס פּילמיליאָניגע פּויערטום, וואָס איז אונטערדריקט און עקס־פּלואַטירט געוואָרן דורך די פּריצים. דערפאַר, ווייל געגן דער רעוואָלוציע איז דאָרט געשטאַנען אַזאַ עקלהאַפטער פאָרשטייער פון אימפּעריאַליזם, ווי דער צאַריזם, וועלכער האָט ניט פאַרמאָגט קיין שום מאָראַלישן געוויכט און האָט פאַרדינט דעם אַלגעמיינעם האַס פון דער באַפעלקערונג. אין רוסלאַנד האָט זיך די קייט אַרויסגעוויזן שוואַכער, הגם רוסלאַנד איז געווען ווייניגער אַנטוויקלט אין קאַפּיטאַליסטישער היגזיכט ווי, לאָמיר זאָגן, פראַנקרייך אָדער דייטשלאַנד, ענגלאַנד אָדער אַמעריקע.

וואו וועט דורכגעריסן ווערן די קייט אין דער נאָענטסטער צוקונפט? ווידעראַמאָל דאָרט, וואו זי איז שוואַכער. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז די קייט קאָן דורכגעריסן ווערן, לאָמיר זאָגן, אין אינדיע. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל דאָרט איז פאַראַן אַ יונגער קאַמפּספּייאיגער רעוואָלוציאָנערער פּראָלע־טאַריאַט, וועלכער האָט אַזאַ פאַרבינדעטן, ווי די נאַציאָנאַלע באַפרייאונג־באַוועגונג, — אָן ספק אַ גרויסער און ערנסטער פאַרבינדעטער. דערפאַר, ווייל געגן דער רעוואָלוציע שטייט דאָרט אַזאַ אַלגעמיין־באַקאַנטער געגנער, ווי דער פרעמדלענדישער אימפּעריאַליזם, וועלכער פאַרמאָגט ניט קיין מאָ־ראַלישן קרעדיט און וועלכער האָט פאַרדינט דעם אַלגעמיינעם האַס פון די אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע מאַסן פון אינדיע.

עס איז אויך גאַנץ מעגלעך, אַז די קייט קאָן דורכגעריסן ווערן אין דייטש־לאַנד. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל די פאַקטאָרן, וועלכע ווירקן, לאָמיר זאָגן, אין אינדיע, הויבן אָן צו ווירקן אויך אין דייטשלאַנד. דערביי איז פאַר־שטענדלעך, אַז דער גוואַלטיגער אונטערשייד אין דער אַנטוויקלונגס־שטופע פון אינדיע און דייטשלאַנד קאָן ניט ניט אַרויפלייגן איר שטעמפּל אויפן גאַנג און אויסגאַנג פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד.

אָט פאַרוואָס לענין זאָגט, אַז:

„די מערב־אייראָפּייאישע קאַפּיטאַליסטישע לענדער וועלן פאַרענדיגן זייער אַנטוויקלונג צום סאָציאַליזם ניט דורך דעם, וואָס אין זיי אינעווייניג וועט „רייף ווערן" דער סאָציאַליזם, נאָר דורך דער עקספּלואַטאַציע פון איינע מלוכות דורך אַנדערע מלוכות, דורך דער עקספּלואַטאַציע פון דער ערשטער צווישן די מלוכות, וואָס זיינען באַזיגט געוואָרן אין דער צייט פון דער אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה, פאַראייניגט מיט דער עקספּלואַטאַציע פונם גאַנצן מזרח; דורך דעם, וואָס דער מזרח, פון דער אַנדערער זייט, איז ענדגילטיג געקומען אין רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג גראַד אַ דאַנק דער דאָזיגער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מלחמה און איז ענדגילטיג אַריינגעצויגן געוואָרן אינם

אלגעמיינעם געלאף פון דער אלוועלטלעכער רעוואלוציאנערער באוועגונג."
(זע: „בעסער וויניגער...".)

קורץ: די קייט פונם אימפעריאליסטישן פראנט דארף, בדרך כלל, דורכגעריסן ווערן דארט, וואו די רינגען פון דער קייט זיינען שוואכער, און אלענפאלס איז שוין גאר קיין חוב ניט, אז זי מוז דורכגעריסן ווערן דארט, וואו דער קאפיטאליזם איז מער אנטוויקלט, וואו עס איז פאראן אזויפיל און אזויפיל פראצענט פראלעטאריער, און פויערים אזויפיל און אזויפיל, א. אז. וו.

אט פארוואס, ווען מען וויל לייזן די פראגע פון פראלעטארישער רעוואלוציע פארלירן די סטאטיסטישע אויסרעכענונגען וועגן דעם פראצענט פונם פראלעטאריאט אין דער באפעלקערונג אין א באזונדער לאנד יענע אויסשליסלעכע באדייטונג, וואס עס פלעגן איר מיט אזא חשק צוגעבן די לומדים פון צווייטן אינטערנאציאנאל, וועלכע האבן ניט פארשטאנען דעם אימפעריאליזם און האבן מורא געהאט פאר דער רעוואלוציע, ווי פאר דער פעסט.

ווייטער. די העלדן פון 2טן אינטערנאציאנאל פלעגן טענה'ן (און טענה'ן נאך איצט אויך), אז צווישן דער בורזשואז־דעמאקראטישער רעוואלוציע, פון איין זייט, און דער פראלעטארישער, פון דער אנדערער, ליגט א תהום אדער, אלנפאלס, א כינעזישע וואנט, וועלכע טיילט אפ איינע פון דער אנדערער מיט א מער אדער וויניגער דויערנדיגער צווישנצייט, אין משך פון וועלכער די בורזשואזיע, וועלכע איז געקומען צו דער מאכט, אנטוויקלט דעם קאפיטאליזם. די דאזיגע צווישנצייט פלעגט געוויינלעך אויסגערעכנט ווערן אין פיל צענדליגער יארן, אויב ניט מער. עס איז איבעריג צו דערווייזן, אז די דאזיגע „טעאריע" פון א כינעזישער וואנט האט ניט קיין שום וויסנשאפטלעכן זינען אין דער אומגעבונג פון אימפעריאליזם, און זי איז און קאן ניט זיין, בלויז א צודעק, א פארגלעטונג פון די קאנטער־רעוואלוציאנערע וואונטשן פון דער בורזשואזיע. אסור אויב מען דארף נאך דערווייזן, אז אין אן אומגעבונג פון אימפעריאליזם, וועלכער טראגט אין זיך צוזאמענשטויסן און מלחמות; אין אן אומגעבונג פון אן „ערב סאציאליסטישער רעוואלוציע", ווען דער „בליענדיגער" קאפיטאליזם ווערט פארוואנדלט אין אן „אפשטארבנדיגן" קאפיטאליזם, און די רעוואלוציאנערע באוועגונג וואקסט אין אלע לענדער פון דער וועלט; ווען דער אימפעריאליזם פאראייניגט זיך מיט אלע אן אויסנאם רעאקציאנערע כחות, ביזן צאריזם און לייב־אייגנטום איינגעשלאסן, ארויסרופנדיג דערמיט אליין די נויטווענדיגקייט צו קאאלירן אלע רעוואלוציאנערע כחות, אנהויבנדיג פון דער פראלעטארישער באוועגונג אויפן מערב ביז דער נאציאנאלער באפרייאונג־באוועגונג אויפן מזרח; ווען אראפווארפן די רעשטן פון די פעאדאליש־לייבאייגנטימערישע ארדענונגען ווערט אוממעגלעך אן א רעוואלוציאנערן קאמף מיטן אימפעריאליזם, — איז אסור אויב מען דארף נאך דערווייזן, אז די בורזשואז־דעמאקראטישע רעוואלוציע אין א מער אדער וויניגער אנטוויקלטן לאנד דארף זיך ביי אזוינע באדינגונגען דערנעענטערן צו דער פראלעטארישער רעוואלוציע, אז די ערשטע מוז אריבערוואקסן אין דער צווייטער. די געשיכטע פון דער רעוואלוציע אין רוסלאנד האט באשיינפערלעך דערוויזן די ריכטיגקייט און אומבאשטרייטבארקייט פון דער דאזיגער הנחה. ניט אומזיסט האט לענין נאך אין יאר 1905, ערב דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע, אין זיין בראשור „צוויי טאקטיקעס", געמאלט די בורזשואז־דעמאקראטישע רעוואלוציע און די סאציאליסטישע איבערקערעניש, ווי צוויי רינגען פון איין קייט, ווי אן איינהייטלעך און גאנץ בילד

פונם פארנעם פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

„דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף דורכפירן ביזן סוף די דעמאָקראַטישע איבער־קערעניש, פאַראייניגנדיג צו זיך די מאַסע פּויערטום, כדי מיט גוואַלד צו דער־שטיקן דעם ווידערשטאַנד פון דער זעלבסטהערשונג און פאַראַליזירן די וואַקלדיגקייט פון דער בורזשואַזיע. דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף מאַכן די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש, פאַראייניגנדיג צו זיך די מאַסע האַלב־פּראָלע־טאַר־ישע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג, כדי מיט גוואַלד צו צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע און פאַראַליזירן די וואַקלדיגקייט פונם פּויערטום און פון דער קליין־בורזשואַזיע. אָט דאָס זיינען די אויפגאַבן, וועלכע עס שטעלן זיך אַזוי שמאָל פאָר די נייע „איסקראָווצעס" אין אַלע זייערע חקירות און רעזאָלוציעס וועגן דעם פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע."

איך רייד שוין ניט וועגן אַנדערע, שפּעטערדיגע ווערק פון לענינ׳ען, וואו די אידייע פונם אַריבערוואַקסן פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין אַ פּראָ־לעטאַרישער טרעט אַרויס נאָך מער בולט, ווי אין די „צוויי טאַקטיקעס", אַלס איינער פון די ווינקלשטיינער פון דער לענינשער טעאָריע פון רעוואָלוציע.

איניגע חברים, ווייזט זיך אַרויס, מיינען, אַז לענין איז געקומען צו דער דאָזיגער אידייע ערשט אין יאָר 1916, אַז ביז דער צייט האָט ער כלומרשט גערעכנט, אַז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וועט זיך פאַרהאַלטן אין די בור־זשואַזע ראַמען, אַז די מאַכט וועט, הייסט עס, פון די הענט פונם אָרגאַן פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום אַריבערגיין אין די הענט פון דער בורזשואַזיע, און ניט פונם פּראָלעטאַריאַט.*) מען זאָגט, אַז אָט די באַהויפּטונג איז אַפילו אַריינגעפאַלן אין אונזער קאָמוניסטישער פּרעסע. איך מוז זאָגן, אַז אַזאַ באַהויפּטונג איז לחלוטין ניט קיין ריכטיגע, אַז זי אַנט־שפּרעכט לחלוטין ניט דער ווירקלעכקייט.

איך וואָלט געקאָנט זיך באַרופן אויף לענינ׳ס באַרימטער רעדע אויפן דריטן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי (1905), וואו ער האָט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און פונם פּויערטום, ד. ה. דעם נצחון פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע קוואַליפיצירט ניט ווי אַן „אָרגאַניזאַציע פון אָרדענונג", נאָר ווי אַן אָרגאַניזאַציע פון קריג". (זע דעם 6טן באַנד פון לענינ׳ס ווערק.)

איך וואָלט ווייטער געקאָנט זיך באַרופן אויף לענינ׳ס באַוואוסטע אַרטיקלען וועגן דער „צייטווייליגער רעגירונג" (1905), וואו ער האָט, אויס־מאָלנדיג די פּערספּעקטיוו, ווי עס וועט זיך פאַנאַנדערוויקלען די רוסישע רעוואָלוציע, געשטעלט פאַר דער פּאַרטיי די אויפגאַבע „זיך צו דערשלאָגן, אַז די רוסישע רעוואָלוציע זאָל זיין ניט קיין באַוועגונג פון עטלעכע חדשים, נאָר אַ באַוועגונג פון אַ סך יאָרן, אַז זי זאָל ברייננען ניט בלויז צו קליינע הנחות מצד דער אַנפירנדיגער מאַכט, נאָר דערצו, אַז די דאָזיגע מאַכט זאָל אינגאַנצן אַראָפּגעריסן ווערן"; וואו ער האָט, פאַנאַנדערוויקלענדיג די דאָזיגע פּערספּעקטיוו און צוזאַמענבינדנדיג זי מיט דער רעוואָלוציע אין איראָפּע, פאָרגעזעצט:

„און אויב דאָס וועט זיך איינגעבן, דעמאָלט... דעמאָלט וועט אַ רעוואָ־לוציאָנערער שריפה אָנצינדן איראָפּע. דער איראָפּייאישער אַרבעטער, אויס־געמאַטערט אין דער בורזשואַזער רעאַקציע, וועט זיך אין זיין ריי אויפהויבן און וועט אונז באַווייזן, „ווי אַזוי מען מאַכט דאָס"; דעמאָלט וועט דער

*) דאָס איז, אגב, טראָצקי׳ס טעאָריע. — רעד.

רעוואָלוציאָנערער אויפשטייג פון אייראָפּע האָבן אַ צוריקוויר[illegible] אויף רוסלאַנד און וועט פון אַן עפּאָכע פון עטלעכע רעוואָלוציאָנערע יאָרן מאַכן אַן עפּאָכע פון עטלעכע רעוואָלוציאָנערע יאָרצענדליגער..." (זע אין זעלבן אָרט.)

איך וואָלט זיך, ווייטער, געקאָנט באַרופן אויף לענינ'ס באַוואוסטן אַרטיקל, וועלכער איז פּובליקירט געוואָרן אין 1905, וואו ער שרייבט:

„דער פּראָלעטאַריאַט קע יפּט און וועט מיט מסירת נפש קעמפן פאַר דער דעראָבערונג פון דער מאַכט [illegible] יר דער רעפּובליק, פאַר דער קאָנפיסקאַציע פון דער ערד, פאַרן אָנטייל פון די „ניט־פּראָלעטאַרישע פאָלקס־מאַסן" אין דער באַפרייאונג פונם בורזשואַזן רוסלאַנד פון אונטער דעם מיליטעריש־פעאָדאַלן „אימפּעריאַליזם" (צאַריזם), און מיט דער דאָזיגער באַפרייאונג פונם בורזשואַזן רוסלאַנד פון צאַריזם, פון דער אַגראַרער מאַכט פון די פּריצים וועט זיך דער פּראָלעטאַריאַט גלייך באַנוצן ניט אויף צו העלפן די פאַרמעגלעכע פּויערים אין זייער קאַמף מיטן דאָרפישן אַרבעטער, נאָר אויף דורכצופירן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין בונד מיט די פּראָלעטאַריער פון אייראָפּע."
(זע: „געגן שטראָם".)

איך וואָלט זיך, ענדלעך, געקאָנט באַרופן אויפן באַקאַנטן אָרט אין לענינ'ס בראָשור „די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַוטסקי", וואו, שטיצנדיג זיך אויף דער אויבנגעבראַכטער ציטאַטע פון די „צוויי טאַקטיקעס" וועגן דעם פאַרנעם פון דער רוסישער רעוואָלוציע, קומט ער צו אַזאַ אויספיר:

„עס איז אַרויסגעקומען פּונקט אַזוי, ווי מיר האָבן געזאָגט. דער גאַנג פון דער רעוואָלוציע האָט באַשטעטיגט די ריכטיגקייט פון אונזער באַטראַכטונג. פון אָנהויב צוזאַמען מיטן גאַנצן פּויערטום געגן דער מאָנאַרכיע, געגן די פּריצים, געגן דעם מיטלאַלטער (און אויף אַזוי פיל פאַרבלייבט די רעוואָלוציע אַ בורזשואַזע, אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישע). דערנאָך, צוזאַמען מיטן אָרימסטן פּויערטום, צוזאַמען מיטן האַלב־פּראָלעטאַריאַט, צוזאַמען מיט אַלע עקספּלואַטירטע געגן דעם קאַפּיטאַליזם, צווישן זיי אויך געגן די דאָרפישע גבירים, באַלעגופים, ספּעקולאַנטן, און אויף אַזוי פיל ווערט די רעוואָלוציע אַ סאָציאַליסטישע. פּרואוון זיך אָוועקשטעלן אַ קינסטלעכע כינעזישע וואַנט צווישן איינער און דער אַנדערער, אָפּטיילן זיי איינע פון דער אַנדערער מיט עפּעס וואָס אַנדערש, אַחוץ דער שטופּע פון דער צוגעגרייטקייט פונם פּראָלעטאַריאַט און דער שטופּע פון זיין אייניגקייט מיט דער דאָרפישער אָרימקייט, איז די גרעסטע פאַרקריפּלונג פונם מאַרקסיזם, דאָס הייסט, פאַרפלאַכן אים, פאַרבייטן אים אויף ליבעראַליזם."

דאַכט זיך, גענוג.

גוט, וועט מען אונז זאָגן, אָבער פאַרוואָס עפּעס האָט לענין מלחמה געהאַלטן מיט דער אידייע פון דער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע"?

דערפאַר, ווייל לענין האָט פאָרגעלייגט „אויסצושעפּן" די רעוואָלוציאָנערע פייאיגקייטן פונם פּויערטום און אויסנוצן ביזן סוף זיין רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פאַר דער פולער ליקווידאַציע פונם צאַריזם, פאַרן איבערגאַנג צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, בשעת די אָנהייגער פון דער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" האָבן ניט פאַרשטאַנען די ערנסטע ראָלע פונם פּויערטום אין דער רוסישער רעוואָלוציע, האָבן ניט דערשאַצט די קראַפט פון דער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע פונם פּויערטום און האָבן אַזוי אַרום פאַרשווערט די אַרבעט פון אַרויסבאַפרייען דאָס פּויערטום פון אונטער דער ווירקונג פון דער

בורזשואזיע, די ארבעט פון צוזאמענגעמען דאָס פויערטום אַרום דעם פּראָליטאַריאַט.

דערפאַר, ווייל לענין האָט פאַרגעלייגט צו פאַרענדיגן די ארבעט פון דער רעוואָלוציע מיטן איבערגאַנג פון דער מאַכט צום פּראָלעטאַריאַט, בשעת די אָנהייגער פון דער „פּערמאַנענטער" רעוואָלוציע האָבן געמיינט אָנצוהויבן די זאַך גלייך פון דער מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט, ניט פאַרשטייענדיג, אַז דער־מיט אַליין פאַרמאַכן זיי די אויגן אויף אַזאַ „קלייניגקייט", ווי די רעשטן פון ליב־אייגנטום, און נעמען ניט אין חשבון אַזאַ ערנסטע קראַפט, ווי דאָס רוסישע פויערטום, ניט פאַרשטייענדיג, אַז אַזאַ פּאָליטיק קאָן בלויז פאַרהאַלטן די זאַך פון קריגן דאָס פויערטום אויף דער זייט פונם פּראָלעטאַריאַט.

לענין האָט אַלזאָ מלחמה געהאַלטן מיט די אָנהייגער פון דער „פּער־מאַנענטער" רעוואָלוציע ניט צוליב דער פראַגע וועגן אומאויפהערלעכקייט, ווייל לענין איז אַליין געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון דער אומאויפהער־לעכקייט פון דער רעוואָלוציע, נאָר צוליב דעם, וואָס זיי האָבן ניט דערשאַצט די ראָלע פונם פויערטום, וואָס איז דער גרעסטער רעזערוו פונם פּראָלעטאַריאַט.

די אידייע פון אַ „פּערמאַנענטער" רעוואָלוציע איז ניט קיין נייע אידייע. זי האָט צום ערשטן אַרויסגערוקט מאַרקס צום סוף פון די 40־ער יאָרן אין זיין באַקאַנטער „ווענדונג" צום „פאַרבאַנד פון די קאָמוניסטן" (1850). פון דעם דאָקומענט האָבן אונזערע „פּערמאַנענטניקעס" טאַקע גענומען די אידייע פון דער אומאויפהערלעכער רעוואָלוציע. מ'דאַרף באַמערקן, אַז אונזערע „פּערמאַנענטניקעס" האָבן, נעמענדיג זי ביי מאַרקס'ן, אַ ביסל זי אומגע־ענדערט, און, אומענדערנדיג, האָבן זיי זי „קאַליע געמאַכט", געמאַכט זי פאַר אומטויגבאַר פאַרן פּראַקטישן געברויך. עס איז נויטיג געווען לענינ'ס דערפאַרענע האַנט אויף אויסצובעסערן אָט־דעם פעלער, נעמען מאַרקס' אידייע פון אַן אומאויפהערלעכער רעוואָלוציע אין איר ריינער פאָרם און מאַכן זי פאַר איינעם פון די ווינקלשטיינער פון זיין טעאָריע וועגן רעוואָלוציע.

אָט וואָס עס זאָגט מאַרקס אין זיין ווענדונג וועגן דער אומאויפהערלעכער רעוואָלוציע, נאָכדעם ווי ער רעכנט איבער אַ רייע רעוואָלוציאָנער־דעמאָ־קראַטישע פאָדערונגען, וואָס צו זייער דערגרייכונג רופט ער די קאָמוניסטן:

„אין דער צייט, ווען די דעמאָקראַטישע קליינבירגער ווילן מיט דער דורכפירונג פון אַ מעגלעך גרעסערער צאָל אויבנאָנגעוויזענע פאָדערונגען ווי אַמשנעלסטן פאַרענדיגן די רעוואָלוציע, באַשטייען אונזערע אינטערעסן און אונזער אויפגאַבע דערין, אַז די רעוואָלוציע זאָל ווערן אַן אומאויפהערלעכע, ביז וואַנען אַלע מער אָדער ווייניגער פאַרמעגלעכע קלאַסן וועלן ניט באַ־זייטיגט ווערן פון דער הערשאַפט, ביז וואַנען דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט דעראָבערן די מלוכה־מאַכט, ביז וואַנען די אַסאָציאַציעס פון פּראָלעטאַריער ניט נאָר אין איין לאַנד, נאָר אין אַלע הערשנדיגע לענדער פון דער וועלט וועלן זיך ניט אַנטוויקלען אויף אַזוי פיל, אַז די קאָנקורענץ צווישן די פּראָלע־טאַריער פון די דאָזיגע לענדער וועט אויפהערן, און ביז וואַנען ווייניגסטנס די אַנטשיידנדיגע פּראָדוקטיווע קרעפטן וועלן ניט קאָנצענטרירט זיין אין די הענט פון די פּראָלעטאַריער."

אַנדערש געזאָגט:

א) מאַרקס האָט כלל ניט פאָרגעלייגט אָנצוהויבן די רעוואָלוציע אין

דייטשלאַנד אין די 50־ער יאָרן גלייך פון דער פּראָלעטאַרישער מאַ... להיפּוך צו די פּלענער פון אונזערע רוסישע „פּערמאַנענטניקעס"׳;

ב) מאַרקס האָט פּאָרגעלייגט נאָר צו פאַרענדיגן די רעוואָלוציע דורך דער פּראָלעטאַרישער מלוכה־מאַכט, אָראָפּשטויסנדיג טריט נאָך טריט פון דער הויך פון מאַכט איין פראַקציע פון דער בורזשואַזיע נאָך דער אַנדערער, כדי דערנאָך, דערשלאָגנדיג זיך צו דער מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט, פאַנאַנדער־צינדן די רעוואָלוציע אין אַלע לענדער, — אין פולן הסכם מיט דעם אַלעם, וואָס עס האָט געלערנט לענין און וואָס ער האָט דורכגעפירט אין לעבן אינם גאַנג פון אונזער רעוואָלוציע, גייענדיג לויט זיין טעאָריע פון דער פּראָלע־טאַרישער רעוואָלוציע אין דער אומגעבונג פון אימפּעריאַליזם.

קומט אויס, אַז אונזערע רוסישע „פּערמאַנענטניקעס" האָבן ניט בלויז ניט דערשאַצט די ראָלע פונם פּויערטום אין דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָר זיי האָבן אויך אומגעענדערט (צום ערגערן) מאַרקס' אידייע פון אַ „פּער־מאַנענטער" רעוואָלוציע, מאַכנדיג זי פאַר אומטויגבאַר פאַר דער פּראַקטיק.

אָט פאַרוואָס לענין האָט אויסגעלאַכט די טעאָריע פון אונזערע „פּער־מאַנענטניקעס", רופנדיג זי „אָריגינעלע" און „שיינע" און באַשולדיגנדיג זיי אין ניט וועלן „אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, אַ דאַנק וועלכע סיבות איז דאָס לעבן אין משך פון גאַנצע צען יאָר געגאַנגען פאַרביי דער דאָזיגער טעאָריע." (לענינ׳ס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין 1915, אין צען יאָר אַרום נאָך דעם, ווי אין רוסלאַנד איז אויפגעקומען די טעאָריע פון די „פּאַרמאַנענט־ניקעס".)

אָט פאַרוואָס לענין האָט געהאַלטן די דאָזיגע טעאָריע פאַר אַ האַלב־מענשעוויסטישער, זאָגנדיג, אַז זי „נעמט ביי די באָלשעוויקעס דעם רוף צו אַן אַנטשלאָסענעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט און צו דער דעראָבערונג פון פּאָליטישער מאַכט דורך אים, און ביי די מענשעוויקעס — די „אָפּלייקענונג" פון דער ראָלע פונם פּויערטום." (זע לענינ׳ס אַרטיקל „וועגן צוויי ליניעס פון דער רעוואָלוציע" אינם זאַמלבוך „געגן שטראָם".)

אַזוי האַלט עס מיט לענינ׳ס אידייע וועגן דעם אַריבערוואַקסן פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע אין אַ פּראָלעטאַרישער, וועגן אויס־נוצן די בורזשואַזע רעוואָלוציע פאַרן „באַלדיגן" אַריבערגאַנג צו דער פּראָלע־טאַרישער רעוואָלוציע.

ווייטער. פריער האָט מען גערעכנט, אַז דער זיג פון דער רעוואָלוציע אין איין לאַנד איז אוממעגלעך, האַלטנדיג, אַז פאַרן זיג איבער דער בור־זשואַזיע איז נויטיג אַ געמיינזאַמער אַרויסטריט פון די פּראָלעטאַריער פון אַלע פאָרגעשריטענע לענדער, אָדער אַלענפאַלס פון דער מערהייט אַזוינע לענדער. איצט אַנטשפּרעכט שוין דער דאָזיגער שטאַנדפּונקט ניט דערווירקלעכקייט. איצט דאַרף מען אַרויסגיין פון דער מעגלעכקייט פון אַזאַ זיג, ווייל דער ניט־גלייכמעסיגער און שפּרונג־אַרטיגער כאַראַקטער פון דער אַנטוויקלונג פון פאַרשיידענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער ביי דער אומגעבונג פון אימפּעריאַ־ליזם, די אַנטוויקלונג פון קאַטאַסטראָפישע ווידערשפּרוכן אינעווייניג אין דעם אימפּעריאַליזם, וואָס פירן צו אומפאַרמיידלעכע מלחמות, דער וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אַלע לענדער פון דער וועלט, — דאָס אַלץ פירט ניט בלויז צו דער מעגלעכקייט, נאָר אויך צו דער נויטווענדיגקייט פונם זיג פון פּראָלעטאַריאַט אין באַזונדערע לענדער. די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז אַ דירעקטער באַווייז דערצו. עס איז נאָר

נויטיג צו געדענקען דערביי, אַז דאָס אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע קאָן מיט דערפאָלג דורכגעפירט ווערן בלויז אין דעם פאַל, אויב עס זיינען פאַראַן אייניגע, אַבסאָלוט נויטיגע, באַדינגונגען, וואָס אָן זיי קאָן מען אַפילו ניט טראַכטן וועגן דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל נעמען די מאַכט.

אָט וואָס לענין זאָגט וועגן די דאָזיגע באַדינגונגען אין זיין בראָשור „די קינדערשע קראַנקהייט":

„דער גרונט־געזעץ פון דער רעוואָלוציע, וועלכער איז באַשטעטיגט געוואָרן דורך אַלע רעוואָלוציעס און, באַזונדערס, דורך אַלע דריי רוסישע רעוואָלוציעס אין 20טן יאָרהונדערט, באַשטייט אָט אין וואָס: פאַר אַ רעוואָלוציע איז ניט גענוג, אַז די עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע מאַסן זאָלן אָנערקענען די אוממעגלעכקייט צו לעבן אויפן אַלטן שטייגער און זאָלן אָנהויבן פאָדערן ענדערונגען: פאַר אַ רעוואָלוציע איז נויטיג, אַז די עקספּלואַטאַטאָרן זאָלן ניט קאָנען לעבן און אָנפירן אויפן אַלטן שטייגער. ערשט דאַן, ווען די „אונטערשטע שיכטן" ווילן ניט און די „פּני" קאָנען ניט לעבן ווי פריער, ערשט דאַן קאָן די רעוואָלוציע זיגן. אַנדערש גערעדט, קאָן דער דאָזיגער כּלל אויסגעדריקט ווערן מיט די ווערטער: אַ רעוואָלוציע איז אוממעגלעך אָן אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן קריזיס (וואָס באַרירט סיי די עקספּלואַטירטע, סיי די עקספּלואַטאַטאָרן). הייסט עס, אַז כּדי עס זאָל קאָנען פאָרקומען אַ רעוואָלוציע, דאַרף מען זיך, ערשטנס, דערשלאָגן, אַז די מערהייט אַרבעטער (אָדער אַלענפאַלס די מערהייט באַוואוסטזיניגע אַרבעטער) זאָלן פולקום פאַרשטיין די נויטיגקייט פון אַן איבערקערעניש און זאָל גרייט זיין צו גיין אויף טויט צוליב איר; צווייטנס, אַז די רעגירנדיגע קלאַסן זאָלן איבערלעבן אַ רעגירונגס־קריזיס, וועלכער ציט אַריין אין פּאָליטיק אַפילו די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע מאַסן, שוואַכט אָפּ די רעגירונג און מאַכט מעגלעך פאַר די רעוואָלוציאָנערן זי גיך אַראָפּצוואַרפן..."

אָבער אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון דער בורזשואַזיע און אוועקשטעלן די מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד הייסט נאָך ניט פאַרזיכערן דעם פולן זיג פונם סאָציאַליזם. די הויפּט־אויפגאַבע פונם סאָציאַליזם — די אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע — בלייבט נאָך פאָראויס. צי קאָן מען לייזן די דאָזיגע אויפגאַבע, צי קאָן מען זיך דערשלאָגן צום ענדגילטיגן נצחון פון סאָציאַליזם אין איין לאַנד, אָן די געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען פון די פּראָלעטאַריער פון עטלעכע פאָרגעשריטענע לענדער? ניין, דאָס איז אוממעגלעך. אויף אַראָפּצוואַרפן די בורזשואַזיע זיינען גענוג די אָנשטרענגונגען פון איין לאַנד — דערויף זאָגט אונז עדות די געשיכטע פון אונזער רעוואָלוציע. פאַרן ענדגילטיגן זיג פונם סאָציאַליזם, פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע — זיינען שוין די אָנשטרענגונגען פון איין לאַנד, באַזונדערס פון אַזאַ פּויעריש לאַנד ווי רוסלאַנד, ניט גענוג, — דערצו זיינען נויטיג די אָנשטרענגונגען פון די פּראָלעטאַריער פון אייניגע פאָרגעשריטענע לענדער. דעריבער איז די אַנטוויקלונג און אונטערשטיצונג פון דער רעוואָלוציע אין אַנדערע לענדער אַ וויכטיגע אויפגאַבע פאַר דער זיגרייכער רעוואָלוציע. דעריבער דאַרף די רעוואָלוציע פונם לאַנד, אין וועלכן זי האָט געזיגט, באַטראַכטן זיך ניט ווי אַ זעלבסטווערטיגע גרויס, נאָר ווי אַן אָנשפּאַר, אַ מיטל אויף צו פאַרגיכערן דעם זיג פונם פּראָלעטאַריאַט אין אַנדערע לענדער.

לענין האָט דעם דאָזיגן געדאַנק אויסגעדריקט אין צוויי ווערטער,

זאָגנדיג, אַז די אויפגאַבע פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט געזיגט, באַשטייט אין דער דורכפירונג פונם „מאַקסימום, וואָס עס איז מעגלעך צו פאַרווירקלעכן אין איין לאַנד, כדי צו אַנטוויקלען, אונטערשטיצן, אויפוועקן די רעוואָלוציע אין אַלע לענדער." (זע: „די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע".)

אָט דאָס זיינען, אין אַלגעמיין, די כאַראַקטער־שטריכן פון דער לעניניסטער טעאָריע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

---

פערטע לעקציע

# די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט

פון דער טעמע נעם איך דריי גרונט־פראַגן: א) די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אַלס געצייג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע; ב) די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אַלס די הערשאַפט פונם פּראָלעטאַריאַט איבער דער בורזשואַזיע; ג) די מאַכט פון די סאָוועטן, אַלס די מלוכה־פאָרם פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

1. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אַלס געצייג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די פראַגע וועגן דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור איז פריער פאַר אַלץ אַ פראַגע וועגן דעם גרונט־אינהאַלט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, איר באַוועגונג, איר פאַרנעם, אירע דערגרייכונגען באַקומען בלוט און פלייש ערשט דורך דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז דאָס געצייג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, איר אָרגאַן, איר וויכטיגסטער שטיץ־פּונקט, וועלכער איז אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן, ערשטנס, כדי צו אונטערדריקן דעם ווידערשטאַנד פון די אַראָפּגעוואָרפענע עקספּלואַטאַטאָרן און פאַרפעסטיגן די אייגענע דערגרייכונגען; צווייטנס, כדי צו דערפירן ביזן סוף די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, דערפירן די רעוואָלוציע ביזן פולן זיג פון סאָציאַליזם. באַזיגן די בורזשואַזיע, אַראָפּוואַרפן איר מאַכט וועט די רעוואָלוציע קאָנען אויך אָן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אָבער אונטערדריקן דעם ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע, פאַרהיטן דעם זיג און זיך לאָזן ווייטער צום ענדגילטיגן זיג פונם סאָציאַליזם איז שוין די רעוואָלוציע ניט אימשטאַנד, אויב זי זאָל אויף אַ געוויסער שטופע פון איר אַנטוויקלונג ניט באַשאַפן אַ ספּעציעלן אָרגאַן, אין דער פאָרם פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס זאָל זיין איר גרונט־שטיצע.

„די גרונט־פראַגע פון דער רעוואָלוציע איז די פראַגע וועגן מאַכט" (לענין). הייסט דאָס דען, אַז דאָ באַגרעניצט זיך די זאַך מיטן נעמען די מאַכט, מיטן פאַרכאַפּן זי? ניין, דאָס הייסט ניט אַזוי. נעמען די מאַכט — איז נאָר אַן אָנהויב פון דער אַרבעט. אַפילו ווען די בורזשואַזיע איז אַראָפּגעוואָרפן אין איין לאַנד, פאַרבלייבט זי נאָך, צוליב פיל סיבות, אויף אַ לאַנגער צייט שטאַרקער פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זי אַראָפּגעוואָרפן. דעריבער באַשטייט די גאַנצע זאַך דעריין, אַז מען זאָל איינהאַלטן די מאַכט, פאַרפעסטיגן זי, מאַכן זי אומבאַזיגבאַר. וואָס דאַרף מען האָבן אויף דערשלאָגן זיך צו דעם ציל? דערצו דאַרף מען אויספילן ווייניגסטנס דריי גרונט־אויפגאַבן, וועלכע שטייען אויף פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט „אויפן אַנדערן טאָג" נאָכן זיג:

א) צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די גוטבאַזיצער און קאַפּיטאַליסטן, אַראָפּגעוואָרפענע און עקספּראָפּריאירטע דורך דער רעוואָלוציע, ליקווידירן אַלערליי פּראָבעס זייערע צוריק אויפצושטעלן די מאַכט פון קאַפּיטאַל.

ב) ארגאניזירן די בויאונג אין גייסט פון באהעפטן אלע ארבעטנדיגע ארום דעם פראלעטאריאט און פירן די ארבעט אין דער ריכטונג, וועלכע גרייט צו די ליקווידאציע, די פארניכטונג פון קלאסן.

ג) באוואפענען די רעוואלוציע, ארגאניזירן די ארמיי פון דער רעוואלוציע צו קעמפן מיטן אויסערלעכן שונא, צו קעמפן מיטן אימפעריאליזם.

די דיקטאטור פון פראלעטאריאט איז נויטיג אויף דורכצופירן, אויספילן די דאזיגע אויפגאבן.

„דער איבערגאנג פון קאפיטאליזם צו קאמוניזם — זאגט לענין, — איז א גאנצע היסטארישע עפאכע. כל־זמן זי האט זיך ניט פארענדיגט, פארבליבט אומפארמיידלעך ביי די עקספלואטאטארן די האפענונג אויף רעסטאווראציע, און די דאזיגע האפענונג ווערט פארוואנדלט אין פרואוון פון רעסטאווראציע. די אראפגעווארפענע עקספלואטאטארן, וועלכע ה... זיך ניט געריכט, אז מען זאל זיי אראפווארפן, ניט געגלויבט דערין, ניט צו...לאזן דעם געדאנק וועגן דעם, ווארפן זיך אויך נאך דער ערשטער ערנסטער מפלה אין קאמף מיט א פארצענפאכטער ענערגיע, מיט ווילדער לײַדנשאפט, מיט האס, וועלכער איז אויסגעוואקסן אין הונדערט מאל — כדי צוריק צו באקומען דעם אפגענומענעם „גן־עדן" פאר זייערע פאמיליעס, וועלכע האבן אזוי זיס געלעבט און וועלכע דער „מאב" פאר'משפט אויף ירידה און דלות (אדער אויף „פראסטע" ארבעט...), און נאך די עקספלואטאטארן־קאפיטאליסטן ציט זיך א ברייטע מאסע פון קליין־בורזשואזיע, וואס צענדליגער יארן פון היסטארישער דערפארונג פון אלע לענדער זאגן וועגן דעם עדות, אז זי פלאנטערט זיך און וואקלט זיך; היינט גייט זי נאך דעם פראלעטאריאט, מארגן ווערט זי דערשראקן פאר די שוועריגקייטן פון דער איבערקערעניש, פאלט אריין אין פאניק פון דעם ערשטן דורכפאל אדער האלבן דורכפאל פון די ארבעטער, דענערווירט זיך, ווארפט זיך, קלאגט, לויפט אריבער פון איין לאגער אין צווייטן." („פראלעטארישע רעוואלוציע".)

און די בורזשואזיע האט אירע גרונטן צו מאכן פראבעס פון רעסטאווראציע, ווייל אפילו נאכדעם ווי זי ווערט אראפגעווארפן, פארבלייבט זי נאך א לאנגע צייט שטארקער פונם פראלעטאריאט, וועלכער האט זי אראפגעווארפן.

„אויב די עקספלואטאטארן זיינען צעקלאפט נאר אין איין לאנד, — זאגט לענין, — און דאס איז, פארשטייט זיך, דער טיפישער צופאל, ווייל א גלייכצייטיגע רעוואלוציע אין א ריי לענדער איז א זעלטענער אויסנאם, — בלייבן זיי דאך שטארקער פון די עקספלואטירטע." („פראלעט. רעוואלוציע".)

אין וואס באשטייט די קראפט פון דער אראפגעווארפענער בורזשואזיע?

ערשטנס, „אין דער קראפט פונם אינטערנאציאנאלן קאפיטאל, אין דער קראפט און פעסטקייט פון די אינטערנאציאנאלע פארבינדונגען פון דער בורזשואזיע" („קינדערשע קראנקהייט");

צווייטנס, דערין, וואס „ביי די עקספלואטאטארן פארבלייבט אומפארמיידלעך אויף א לאנגער צייט נאך דער איבערקערעניש א ריי גוואלדיגע פאקטישע פליוסן: ביי זיי פארבלייבט דאס געלט (אפשאפן דאס געלט מיטאמאל קאן מען ניט), געוויסער באוועגלעכער פארמעגן, אפטמאל א באדייטנדיגער, עס פארבלייבן די פארבינדונגען, די געוואונהייטן צו ארגאניזאציע און פארוואלטונג, דאס וויסן פון אלע „סודות" (מנהגים, געננג, מיטלען, מעגלעכקייטן) פון פארוואלטונג, עס פארבלייבט די העכערע בילדונג, די נאענטקייט צום טעכניש־העכערן פערסאנאל (וואס לעבט און דענקט אויף

א בורזשואזן אופן), עס פארבלייבט די אַן אַן ערך גרויסע געוואוינהייט צום קריגס־ענין (דאָס איז זייער וויכטיג), און אַזוי ווי טער, און אַזוי ווייטער.״ („פּראָלעטארישע רעוואָלוציע״.)

דריטנס, „איננ כח פון דער געוואוינהייט, אינם כח פון דער קליינ־פּראָדוקציע, ווייל קליינפּראָדוקציע איז נאָך, צום באַדויערן, פארבליבן אויף דער וועלט זייער און זייער א סך, און די קליינפּראָדוקציע פּראָדוצירט קאַפּי־טאַליזם און בורזשואַזיע שטענדיג, יעדן טאָג, יעדע שעה, סטיכיש און אין א מאַסן־מאַסשטאַב... ווייל פארניכטן די קלאַסן — הייסט ניט בלויז פאַר־טרייבן די ... יבאַזיצער און קאַפּיטאַליסטן, — דאָס האָבן מיר פאַרהעלטניס־מעסיג לייכט דורכגעמאַכט, — דאָס הייסט אויך פאַרניכטן די קליינע סחורה־פּראָדוצירער, און זיי קאָן מען ניט פאַרטרייבן, זיי קאָן מען ניט אונטערדריקן, מיט זיי מוז מען זיך איינלעבן, זיי קאָן מען (און מען דאַרף) איבערמאַכן, איבערדערציען בלויז דורך א דויערנדיגער, לאַנגזאַמער, פאַרזיכטיגער אָרגאַני־זאַטאָרישער אַרבעט.״ („קינדערשע קראַנקהייט״.)

אָט פאַרוואָס לענין זאָגט, אַז:

„די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז דער סאַמע מסירת־נפש׳דיגער און אומ׳ברחמנות׳דיגער קריג פון א נייעם קלאַס געגן א מער מעכטיגן פיינט, געגן דער בורזשואַזיע, וועמענס ווידערשטאַנד עס ווערט פאַרצענפאַכט דורך דעם, וואָס זי איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן,״ אַז „. . . די דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט איז אַן איינגעשפאַרטער קאַמף, א בלוטיגער און בלוטלאָזער, אַן איבערגוואַלטיגער און פרידלעכער, א מיליטערישער און ווירטשאַפטלעכער, א פּעדאַגאָגישער און אַדמיניסטראַטיווער, געגן די כחות און טראַדיציעס פון דער אַלטער געזעלשאַפט.״ („קינדערשע קראַנקהייט״.)

איך ווייס ניט, צי מען דאַרף נאָך דערווייזן, אַז אויספילן אָט־די אויפ־גאַבן אין א קורצן טערמין, דורכפירן דאָס אַלץ אין עטלעכע יאָר — איז ניטאָ קיין שום מעגלעכקייט. דעריבער דאַרף מען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, דעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם באַטראַכטן ניט ווי א פאַרביי־לויפנדיגן פּעריאָד אין דער פאָרם פון א ריי „רעוואָלוציאָנערסטע״ אַקטן און דעקרעטן, נאָר ווי א גאַנצע היסטאָרישע עפּאָכע, פול מיט בירגער־קריג און אויסערלעכע צוזאַמענשטויסן, איינגעשפּאַרטער אָרגאַניזיר־אַרבעט און ווירט־שאַפטלעכער בויאונג, אָנגרייפן און צוריקטריטן, נצחונות און מפּלות. די דאָזיגע היסטאָרישע עפּאָכע איז נויטיג ניט בלויז כדי צו באַשאַפן די ווירט־שאַפטלעכע און קולטורעלע פאָרבאַדינגונגען פאַרן פולן זיג פונם קאָמוניזם, נאָר אויך כדי צו געבן דעם פּראָלעטאַריאַט די מעגלעכקייט, ערשטנס, צו דערציען און פאַרהאַרטעווען זיך, ווי א קראַפט, וואָס זאָל זיין פעיאיג אָנ־צופירן מיטן לאַנד; צווייטנס, כדי צו איבערדערציען און איבערמאַכן די קליינבירגערלעכע שיכטן אין דער ריכטונג, וועלכע גאַראַנטירט די אָרגאַני־זאַציע פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע.

„איר דאַרפט, — האָט מאַרקס געזאָגט צו די אַרבעטער, — איבערלעבן 15, 20, 50 יאָר בירגער־קריגן און מלחמות צווישן פעלקער, ניט בלויז כדי צו ענדערן די פאַרהעלטענישן, נאָר אויך כדי צו ענדערן זיך אַליין און מאַכן זיך פעיאיג צו פּאָליטישער הערשאַפט.״

פאַרזעצנדיג און אַנטוויקלענדיג דעם געדאַנק פון מאַרקס׳ן, שרייבט לענין:

„ביי דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט וועט אויסקומען צו איבער־

דערציען מיליאָנען פויערים און קליינע באַלעבאַטימלעך, הונדערטער טויזנטער אָנגעשטעלטע, באַאַמטע, בורזשואַזע אינטעליגענטן, אונטערוואַרפן זיי אַלע אונטער דער פּראָלעטאַרישער מלוכה און פּראָלעטאַרישער אָנפירונג, באַזיגן אין זיי די בורזשואַזע געוואוינהייטן און טראַדיציעס," פונקט ווי עס וועט נויטיג זיין „. . . צו איבערדערציען אין אַ דויערנדיגן קאַמפ אויפן באָדן פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט די פּראָלעטאַריער גופא, וועלכע באַפרייען זיך פון זייערע קליינבירגערלעכע מאַסן־ווירקונגען." („קינדערשע קראַנקהייט".)

2. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אַלס הערשאַפט פונם פּראָלעטאַריאַט איבער דער בורזשואַזיע. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז ניט קיין פּשוט'ע ענדערונג פון פּערזאָנען אין דער רעגירונג, נישט קיין אומבייט פונם „קאַבינעט" א. אַז. וו., ביי וועלכן עס בלייבן אומבאַרירט די אַלטע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אָרדענונגען. די מענשעוויקעס און אָפּאָרטוניסטן פון אַלע לענדער, וועלכע האָבן מורא פאַר דער דיקטאַטור, ווי פאַר פייער, און פאַרבייטן פון שרעק דעם באַגריפ דיקטאַטור מיטן באַגריפ פון „דעראָבערן די מאַכט", סומירן געוויינלעך די „דעראָבערונג פון דער מאַכט" אין אַן ענדערונג פונם „קאַבינעט", אין דעם, וואָס ביי דער מאַכט שטעלט זיך אַוועק אַ ניי מיניסטעריום פון מענטשן, אַזוינע ווי שיידעמאַן און נאָסקע, מאַקדאָנאַלד און הענדערסאָן. אָסור אויב מען דאַרף נאָך דערקלערן, אַז אַזוינע און ענלעכע ענדערונגען פון קאַבינעטן האָבן גאָרניט צו טאָן מיט דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, מיטן דעראָבערן די ווירקלעכע מאַכט דורכן ווירקלעכן פּראָלעטאַריאַט. די מאַקדאָנאַלדס און שיידעמאַנס ביי דער מאַכט, בשעת עס בלייבן די אַלטע בורזשואַזע אָרדענונגען, זייערע, אַזוי צו זאָגן, רעגירונגען קאָנען זיין ניט אַנדערש, ווי אַ באַדינונגס־אַפּאַראַט אין די הענט פון דער בורזשואַזיע, ווי נאָר אַ צודעק פאַר די אייטערדיגע וואונדן פונם אימפּעריאַליזם, נאָר אַ געצייג אין די הענט פון דער בורזשואַזיע געגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע מאַסן. זיי, אָט די רעגירונגען, זיינען נויטיג דעם קאַפּיטאַל, ווי אַ שירמע, ווען אים איז ניט באַקוועם, עס לוינט אים ניט, עס איז אים שווער צו אונטערדריקן און עקספּלואַטירן די מאַסן אָן אַ שירמע. פאַרשטייט זיך, דאָס וואָס אַזוינע רעגירונגען ווערן באַשאַפן, איז אַ סימן, אַז „ביי זיי דאָרט" (ד. ה. ביי די קאַפּיטאַליסטן) איז ניט גאָר רואיג; אָבער, ניט געקוקט דערויף, פאַרבלייבן דאָך אַזוינע רעגירונגען בלויז צוגעפּאַרבטע רעגירונגען פון קאַפּיטאַל. פון דער רעגירונג פון אַ שיידעמאַן אָדער מאַקדאָנאַלד ביז דער דעראָבערונג פון דער מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט איז פונקט אַזוי ווייט, ווי פון דער ערד ביז צום הימל. די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז ניט קיין ענדערונג פון דער רעגירונג, נאָר אַ נייע מלוכה, מיט נייע מלוכה־אָרגאַנען אין צענטער און אויף די ערטער, אַ מלוכה פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אַנטשטאַנען אויף די חורבות פון דער אַלטער מלוכה, דער מלוכה פון דער בורזשואַזיע.

די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אַנטשטייט ניט אויפן גרונט פון די בורזשואַזע אָרדענונגען, נאָר אינם גאַנג פון צעברעכן זיי, נאָכדעם ווי די בורזשואַזיע ווערט אַראָפּגעוואָרפן, אינם גאַנג פון עקספּראָפּריאירן די גוטבאַזיצער און קאַפּיטאַליסטן, אינם גאַנג פון סאָציאַליזירן די גרונטגעצייג און מיטלען פון דער פּראָדוקציע, אינם גאַנג פון דער איבערגוואַלטיגער רעוואָלוציע פונם פּראָלעטאַריאַט. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז אַ רעוואָ־

לוציאָנערע מאַכט, וועלכע שטיצט זיך אויף גוואַלדטאַט איבער דער בור־זשואַזיע.

די מלוכה איז אַ מאַשין אין די הענט פונם הערשנדיגן קלאַס אויף אונטערדריקן דעם ווידערשטאַנד פון זיינע קלאַסן־געגנער. אין דער הינזיכט אונטערשיידט זיך די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין תוך מיט גאָרנישט פון דער דיקטאַטור פון יעדן אַנדערן קלאַס, ווייל די פּראָלעטאַרישע מלוכה איז אַ מאַשין אויף אונטערדריקן די בורזשואַזיע. עס איז אָבער דאָ פאַראַן איין וועזנטלעכער אונטערשייד. ער באַשטייט דערין, וואָס אַלע קלאַסן־מלוכות, וועלכע האָבן ביז אַהער עקזיסטירט, זיינען געווען אַ דיקטאַטור פון דער עקספּלואַטירנדיגער מינדערהייט איבער דער עקספּלואַטירטער מערהייט, בשעת די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז אַ דיקטאַטור פון דער עקספּלואַ־טירטער מערהייט איבער דער עקספּלואַטאַטאָרישער מינדערהייט.

קירצער גערעדט: די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט — דאָס איז די הער־שאַפט פונם פּראָלעטאַריאַט איבער דער בורזשואַזיע, וואָס איז ניט באַגרעניצט דורך געזעץ און שטיצט זיך אויף גוואַלט, די הערשאַפט, וועלכע האָט דעם מיטגעפיל און די אונטערשטיצונג פון די אַרבעטנדיגע און עקספּלואַטירטע מאַסן. (לענין, „מלוכה און רעוואָלוציע.")

דער ערשטער אויספיר. די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט זיין קיין „פולע" דעמאָקראַטיע, קיין דעמאָקראַטיע פאַר אַלעמען, סאַי פאַר רייכע, סאַי פאַר אָרימע, — די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט „דאַרף זיין אַ מלוכה, אַ דעמאָקראַטיש, אויף אַ נייעם שטייגער — פאַרן פּראָלעטריאַט און אומ־פאַרמעגלעכע בכלל, און אויף אַ נייעם שטייגער דיקטאַטאָריש — קעגן דער בורזשואַזיע..." („מלוכה און רעוואָלוציע"). די ריידערייען פון קאַוטסקי'ן און קאָמפּאַניע וועגן אַלגעמיינער גלייכקייט, וועגן „ריינער" דעמאָקראַטיע א. אַז .וו. זיינען אַ בורזשואַזער צודעק פון דעם אומצווייפלהאַפטן פאַקט, אַז גלייכקייט פון עקספּלואַטירטע און עקספּלואַטאַטאָרס איז אוממעגלעך. די טעאָריע פון „ריינער" דעמאָקראַטיע איז אַ טעאָריע פון די „פּני" פונם אַרבעטער־קלאַס, וועלכע זיינען אויסגעדרעסירט געוואָרן און ווערן אונטער־געהאָדעוועט דורך די אימפּעריאַליסטישע רויבער. זי איז אַרויסגערופן גע־וואָרן צום לעבן, כדי צו פאַרדעקן די אייטערדיגע וואונדן פונם קאַפּיטאַליזם, אונטערפאַרבן דעםאימפּעריאַליזם און צוגעבן אים מאָראַלישע קראַפט אינם קאַמף קעגן די עקספּלואַטירטע מאַסן. עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זיין ביים קאַפּיטאַליזם קיין ווירקלעכע „פרייהייטן" פאַר עקספּלואַטירטע, שוין דערפאַר אַליין, וואָס די דירות, דרוקעריען, פאַפּיר־לאַגערן א. אז. וו., וועלכע זיינען נויטיג אויף אויסצונוצן די „פרייהייטן", זיינען אַ פּריווילעגיע פון די עקס־פּלואַטאַטאָרן. עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זיין ביים קאַפּיטאַליזם קיין ווירקלעכער אָנטייל פון די עקספּלואַטירטע מאַסן אין דער פאַרוואַלטונג מיטן לאַנד, כאָטשבי צוליב דעם, וואָס ביי די סאַמע דעמאָקראַטישסטע אָרדענונגען אין די באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליזם ווערן די רעגירונגען אוועקגעשטעלט ניט דורכן פאָלק, נאָר דורך די ראָטשילדס און סטינעסעס, ראַקעפעלערס און מאָרגאַנס. די דעמאָקראַטיע ביים קאַפּיטאַליזם איז אַ קאַפּיטאַליסטישע דעמאָ־קראַטיע, אַ דעמאָקראַטיע פון דער עקספּלואַטאַטאָרישער מינדערהייט, וועלכע באַזירט זיך אויף דער באַגרעניצונג פון די רעכט פון דער עקספּלואַטירטער מערהייט און איז געווענדעט קעגן אָט דער מערהייט. נאָר ביי דער פּראָלע־טאַרישער דיקטאַטור זיינען מעגלעך ווירקלעכע „פרייהייטן" פאַר די עקס־

פּלואַטירטע, און אַווירקלעכער אַנטייל פון די פּראָלעטאַריער און פּויערים אין דער פאַרוואַלטונג מיטן לאַנד. די דעמאָקראַטיע ביי דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז אַ פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע, אַ דעמאָקראַטיע פון דער עקספּלואַטירטער מערהייט, וועלכע באַזירט זיך אויף דער באַגרעניצונג פון די רעכט פון דער עקספּלואַטאַרישער מינדערהייט און איז געווענדט קעגן אַט דער מינדערהייט.

דער צווייטער אויספיר. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט אַנט־שטיין אַלס רעזולטאַט פון פרידלעכער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, — זי קאָן אַנטשטיין נאָר ווי אַ רעזולטאַט פון צעברעכן די בורזשואַזע מלוכה־מאַשין, די בורזשואַזע אַרמיי, דעם בורזשואַזן באַאַמטן־אַפּאַראַט, די בורזשואַזע פּאָליציי.

„דער אַרבעטער־קלאַס קאָן ניט פּשוט פאַרכאַפּן די פאַרטיגע מלוכה־משין און זי לאָזן אַרבעטן פאַר זיינע אייגענע צוועקן", — זאָגן מאַרקס און ענגעלס אינם פאָרוואָרט צום „בירגער־קריג", — די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע דאַרף „. . . ניט איבערגעבן פון איינע הענט אין די אַנדערע די ביוראָקראַטיש־מיליטערישע מאַשין, ווי עס פלעגט פאָרקומען ביז אַהער, נאָר צעברעכן זי . . . אַט דאָס איז דער פאָרבאַדינג פאַר יעדער ווירקלעכער פאָלקס־רעוואָלוציע אויפן קאָנטינענט," — זאָגט מאַרקס אין זיין בריוו צו קוגעלמאַנ'ען אין 1871.

מאַרקס'עס באַגרעניצנדיגע פראַזע וועגן קאָנטינענט האָט געגעבן די אָפּאָרטוניסטן און מענשעוויקעס פון אַלע לענדער די געלעגנהייט אויסצו־שרייען, אַז מאַרקס האָט, אַלזאָ, צוגעלאָזן די מעגלעכקייט פון אַ פרידלעכער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אין אַ פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע לכל־הפּחות פאַר אייניגע לענדער, וועלכע גייען ניט אַריין אינם באַשטאַנד פונם אייראָפּייאישן קאָנטינענט (ענגלאַנד, אַמעריקע). מאַרקס האָט ווירקלעך צוגעלאָזן אַזאַ מעגלעכקייט, און ער האָט געהאַט אַ גרונט צוצולאָזן דאָס פאַר ענגלאַנד און אַמעריקע אין די 70־ער יאָרן פונם פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט, בשעת עס איז נאָך ניט געווען קיין מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַליזם, עס איז ניט געווען קיין אימפּעריאַליזם, און די דאָזיגע לענדער האָבן נאָך, אַ דאַנק די אייגנאַרטיגע באַדינגונגען פון זייער אַנטוויקלונג, ניט געהאַט קיין אַנטוויקלטן מיליטאַריזם און ביוראָקראַטיזם. אַזוי האָט עס גע־האַלטן ביז עס איז אַנטשטאַנען דער אַנטוויקלטער אימפּעריאַליזם. דערנאָך אָבער, מיט 30־40 יאָר שפּעטער, ווען די לאַגע אין די דאָזיגע לענדער האָט זיך ביזן גרונט געענדערט, ווען דער אימפּעריאַליזם האָט זיך אַנטוויקלט און האָט אַרומגעכאַפּט אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער אָן אויסנאַם, ווען דער מיליטאַריזם און ביוראָקראַטיזם האָט זיך באַוויזן אויך אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, ווען די באַזונדערע באַדינגונגען פון פרידלעכער אַנטוויקלונג פון ענגלאַנד און אַמעריקע זיינען פאַרשוואונדן, — דאַרף די באַגרעניצונג וועגן די דאָזיגע לענדער במילא אָפּפאַלן.

„איצט, — זאָגט לענין, — אין 1917טן יאָר, אין דער עפּאָכע פון דער ערשטער גרויסער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, פאַלט אָפּ די דאָזיגע מאַרקס'עס אָפּגרעניצונג אין ענגלאַנד און אַמעריקע. די גרעסטע און לעצטע פאָרשטייער אויף דער גאַנצער וועלט פון דער אַנגלאָ־זאַקסישער „פרייהייט" אין דעם זינען, וואָס דאָרט איז ניט געווען קיין מיליטאַריזם און קיין ביוראָ־קראַטיזם, האָבן זיך איינגאַנצן אַראָפּגעקייקלט אין דעם אַלגעמיין־אייראָפּייאישן שמוציגן, בלוטיגן זומפּ פון ביוראָקראַטיש־מיליטערישע איינריכטונגען, וועלכע

באהערשן אלץ, אונטערדריקן אלץ. איצט איז סאי אין ענגלאנד, סאי אין אמעריקע „דער פארבאדינג פאר יעדערווירקלעכער פאלקס־רעוואלוציע", — אז עס זאל צעבראכן, צעשטערט ווערן די „פארטיגע" מלוכה־מאשין, וואס אין די יארן 1914—1917 האט זי דערגרייכט ביז צו „אייראפייאישער", אלגעמיין־אימפעריאליסטישער פולקומענקייט." („מלוכה און רעוואלוציע".)

אנדערש גערעדט, דער גזעץ וועגן דער איבערגעוואלטיגער רעוואלוציע פון פראלעטאריאט, דער גזעץ וועגן צעברעכן די בורזשואזע מלוכה־מאשין, ווי וועגן א פארבאדינג פאר אזא רעוואלוציע, איז אן אומפארמיידלעכער גזעץ פאר דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין די אימפעריאליסטישע לענדער פון דער וועלט.

פארשטייט זיך, אין דער ווייטער צוקונפט, אויב דער פראלעטאריאט וועט זיגן אין די וויכטיגסטע לענדער פון קאפיטאליזם און אויב די איצטיגע קאפיטאליסטישע ארומרינגלונג וועט פארביטן ווערן דורך א סאציאליסטישער ארומרינגלונג, איז זייער מעגלעך א „פרידלעכער" אנטוויקלונגס־וועג פאר אייניגע קאפיטאליסטישע לענדער, וואס זייערע קאפיטאליסטן וועלן, א דאנק דער „אומגינסטיגער" אינטערנאציאנאלער סיטואציע, האלטן פאר צוועקמעסיג „פרייוויליג" צו גיין אויף ערנסטע הנחות פארן פראלעטאריאט. די דאזיגע השערות זיינען אבער שייך בלויז צו דער ווייטער און מעגלעכער צוקונפט. פאר דער נאענטסטער צוקונפט האט ניט די דאזיגע השערה קיינע, אבסאלוט קיינע גרונטן.

דערפאר איז לענין גערעכט, ווען ער זאגט, אז:

„די פראלעטארישע רעוואלוציע איז אוממעגלעך אן דער איבער־געוואלטיגער צעשטערונג פון דער בורזשואזער מלוכה־מאשין און איר פאר־בייטונג דורך א נייער." („די פראלעטארישע רעוואלוציע".)

3. די סאוועטן־מאכט אלס מלוכה־פארם פון דער דיקטאטור פון פרא־לעטאריאט. דער זיג פון דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט באטייט, אז די בורזשואזיע איז דערשטיקט, די בורזשואזע מאשין איז געבראכן, די בור־זשואזע דעמאקראטיע איז פארביטן געווארן אויף פראלעטארישער דעמא־קראטיע. דאס איז קלאר. וואסערע זיינען אבער די ארגאניזאציעס, וואס מיט זייער הילף קאן דורכגעפירט ווערן אט די קאלאסאלע ארבעט? אז די אלטע ארגאניזאציע־פארמען פונם פראלעטאריאט, וועלכע זיינען אויסגעוואקסן אויפן גרונט פון בורזשואזן פארלאמענטאריזם, זיינען ניט גענוג פאר אזא ארבעט, איז קוים מעגלעך צו צווייפלען. איז וועלכע זיינען עס די נייע ארגאניזאציע־פארמען פונם פראלעטאריאט, וואס זאלן זיך פאסן צו שפילן די ראלע פונם קברן פון דער בורזשואזער מלוכה־מאשין און ניט נאר פארבייטן די בורזשואזע דעמאקראטיע דורך פראלעטארישער דעמאקראטיע, נאר אויך ווערן דער פונדאמענט פון דער פראלעטארישער מלוכה־מאכט?

אט די נייע ארגאניזאציע־פארם פונם פראלעטאריאט זיינען די סאוועטן.

אין וואס באשטייט די קראפט פון די סאוועטן אין פארגלייך מיט די אלטע ארגאניזאציע־פארמען?

דערין, וואס די סאוועטן זיינען מער מאסאווע, אלץ־ארומנעמענדיגע ארגאניזאציעס פון פראלעטאריאט, ווי אלע אנדערע, ווייל זיי, און נאר זיי, כאפן ארום אלע ארבעטער אן אויסנאם.

דערין, וואס די סאוועטן זיינען די איינציגע מאסאווע ארגאניזאציעס פון פראלעטאריאט, וועלכע נעמען ארום אלע אונטערדריקטע און עקספלואטירטע,

אַרבעטער און פּויערים, סאָלדאַטן און מאַטראָזן, און וואו די פּאָליטישע אָנ־פירונג מיטן קאַמף פון די מאַסן דורך דעם אַוואַנגאַרד פון די מאַסן, דורך דעם פּראָלעטאַריאַט, קאָן צוליב דעם פאַרווירקלעכט ווערן אַמלייכטסטן און אַמפולסטן.

דערין, וואָס די סאָוועטן זיינען די סאַמע מעכטיגסטע אָרגאַנען פאַרן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן, פאַר די פּאָליטישע ארויסטרעטונגען פון די מאַסן, פאַרן אויפשטאַנד פון/די מאַסן, אָרגאַנען, וועלכע זיינען פעיאיג צו צעברעכן די אַלמעכטיגקייט פונם פינאַנץ־קאַפּיטאַל און פון זיינע פּאָליטישע צוגאָבן.

דערין, וואָס די סאָוועטן זיינען אומגיטלבאַרע אָרגאַניזאַציעס פון די מאַסן גופא, ד. ה. די סאַמע דעמאָקראַטישע, אַלזאָ, די סאַמע אויטאָריטעטע אָרגאַניזאַציעס פון די מאַסן, וואָס פאַרלייכטערן פאַר זיי אויפן מאַקסימאַלסטן אופן דעם אָנטייל אין דער איינאָרדענונג פון דער נייער מלוכה און אין דער אָנפירונג מיט איר און וועלכע באַפרייען אויפן מאַקסימאַלסטן אופן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, די איניציאַטיווע, די שעפערישע פעיאיגקייטן פון די מאַסן אינם קאַמף פאַר דער צעשטערונג פונם אַלטן שטייגער, אינם קאַמף פאַר אַ נייעם, פּראָלעטאַרישן שטייגער.

די סאָוועטן־מאַכט איז אַ פאַראייניגונג און אויספאָרמירונג פון די אָרטיגע סאָוועטן אין איין אַלגעמיינער מלוכה־אָרגאַניזאַציע, אין אַ מלוכה־אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט, אַלס דער אַוואַנגאַרד פון די אונטער־דריקטע און עקספּלואַטירטע מאַסן און אַלס דעם הערשנדיגן קלאַס, — אַ פאַראייניגונג אין אַ רעפּובליק פון סאָוועטן.

דער תוך פון דער סאָוועטן־מאַכט באַשטייט דערין, וואָס די אַממערסטן מאַסאָווע און אַממערסטן רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס גראָד פון די קלאַסן, וועלכע זיינען אונטערדריקט געוואָרן דורך די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים, — זיי זיינען איצט „די שטענדיגע און איינציגע שטיצע פון דער גאַנצער מלוכה־מאַכט, פונם גאַנצן מלוכה־אַפּאַראַט; וואָס גראָד די מאַסן, וואָס אפילו אין די סאַמע דעמאָקראַטישע רעפּובליקן, וואו זיי זיינען לויטן געזעץ גלייכ־באַרעכטיגט, פלעגן זיי דורך אַלערליי מיטלען און שפּיצלעך אין דער טאַט באַזייטיגט ווערן פונם אָנטייל אינם פּאָליטישן לעבן און פונם באַנוצן זיך מיט די דעמאָקראַטישע רעכט און פרייהייטן, — גראָד די מאַסן ווערן איצט צוגעצויגן צום שטענדיגן, אומגעשטערטן און דערביי אַנטשיידנדיגן אָנטייל אין דעמאָקראַטישן פאַרוואַלטן מיט דער מלוכה." (16טער באַנד פון לענינ'ס ווערק.)

אָט פאַרוואָס די סאָוועטן־מאַכט איז אַ נייע פאָרם פון מלוכה'שער אָר־גאַניזאַציע, וואָס אונטערשיידט זיך אין פּרינציפּ פון דער אַלטער, בורזשואַז־דעמאָקראַטישער און פּאַרלאַמענטאַרישער פאָרם, אַ נייער טיפּ מלוכה, וועלכער איז צוגעפּאַסט ניט צו די אויפגאַבן פון עקספּלואַטירן און אונטערדריקן מאַסן, נאָר צו די אויפגאַבן פון זייער פולער באַפרייאונג פון אונטער יעטווידער יאָך און עקספּלואַטאַציע, צו די אויפגאַבן פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

לענין איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אז מיטן אויפקומען פון דער סאָוועטן־מאַכט „האָט זיך די עפּאָכע פון בורזשואַז־דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענטאַריזם פאַרענדיגט, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל אין דער אַלוועלטלעכער געשיכטע: די עפּאָכע פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור".

אין וואָס באַשטייען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער סאָוועטן־מאַכט?

דערין, וואָס די סאָוועטן־מאַכט איז די אַממערסטן מאַסאָווע און די אַממערסטן דעמאָקראַטישע מלוכה־אָרגאַניזאַציע צווישן אַלע מעגלעכע מלוכה־אָרגאַניזאַציעס ביי באַדינגונגען פון עקזיסטענץ פון קלאַסן, ווייל, זייענדיג די אַרענע פאַרן צוזאַמענשלוס און צוזאַמענאַרבעט פון די אַרבעטער און עקספּלואַטירטע פּויערים אין קאַמף געגן די עקספּלואַטאַטאָרן און שטיצנדיג זיך אין איר אַרבעט אויף אָט דעם צוזאַמענשטעל און אָט דער צוזאַמענאַרבעט, איז זי דערמיט גופא די מאַכט פון דער מערהייט באַפעלקערונג איבער דער מינדערהייט, די מלוכה פון דער דאָזיגער מערהייט. דער אויסדרוק פון איר דיקטאַטור.

דערין, וואָס די סאָוועטן־מאַכט איז די אַממערסטן אינטערנאַציאָנאַליסטישע פון אַלע מלוכה־אָרגאַניזאַציעס פון דער קלאַסן־געזעלשאַפט, ווייל, צעשטערנדיג דעם נאַציאָנאַלן דרוק און אָנשפאַרנדיג זיך אויף דער מיטאַרבעט פון די אַרבעטנדיגע מאַסן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, פאַרגרינגערט זי דערמיט אַליין די פאַראייניגונג פון די דאָזיגע מאַסן אין אַן איינהייטלעכן מלוכה־פאַרבאַנד.

דערין, וואָס די סאָוועטן־מאַכט פאַרלייכטערט, לויט איר סטרוקטור גופא, די אַרבעט פון אָנפירן מיט די אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע מאַסן דורך דעם אוואַנגאַרד פון די דאָזיגע מאַסן, דורך דעם פּראָלעטאַריאַט, ווי דעם אַממערסטן צוזאַמענגעהעפטן און אַממערסטן באַוואוסטזיניגן קערן פון די סאָוועטן.

„די דערפאַרונג פון אַלע באַוועגונגען פון די אונטערדריקטע קלאַסן, די דערפאַרונג פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג לערנט אונז, — זאָגט לענין, — אַז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט איז פּייאיג צוזאַמענבינדן די צעזייטע און אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון דער אַרבעטנדיגער און עקספּלואַטירטער באַפעלקערונג און מיטפירן זיי נאָך זיך.״ (16טער באַנד פון לענינ׳ס ווערק). די סטרוקטור פון דער סאָוועטן־מאַכט פאַרלייכטערט דורכצופירן אין לעבן די אָנווייזונגען פון דער דאָזיגער דערפאַרונג.

דערין, וואָס פאַראייניגנדיג די געזעצגעבערישע און אויספירערישע מאַכט אין איין איינהייטלעכער מלוכה־אָרגאַניזאַציע און פאַרבייטנדיג די טעריטאָריעלע וואַל־קרייזן דורך פּראָדוקציאָנעלע איינסן, פאַבריקן און זאַוואָדן,— בינדט די סאָוועטן־מאַכט דירעקט צוזאַמען די אַרבעטער און בכלל די אַרבעטנדיגע מאַסן מיט די אַפּאַראַטן פון דער מלוכה׳שער פאַרוואַלטונג, לערנט זיי ווי צו פאַרוואַלטן מיטן לאַנד.

דערין, וואָס נאָר די סאָוועטן־מאַכט איז אימשטאַנד צו באַפרייען די אַרמיי פון אונטערגעוואָרפנקייט אונטער דער בורזשואַזער אָנפירונג, און פון אַ געצייג צו אונטערדריקן דאָס פאָלק, ווי זי איז ביי די בורזשואַזע אָרדענונגען, צו פאַרוואַנדלען זי אין אַ געצייג צו באַפרייען דאָס פאָלק פון אונטער דעם יאָך פון דער בורזשואַזיע, דער אייגענער און פרעמדער.

דערין, וואָס „נאָר די סאָוועטישע אָרגאַניזאַציע פון דער מלוכה איז אימשטאַנד מיטאַמאָל און ענדגילטיג צעשטערן דעם אַלטן, ד. ה. דעם בורזשואַז־באַאַמטישן און ריכטערישן אַפּאַראַט.״ (דאָרט).

דערין, וואָס נאָר די סאָוועטישע פאָרם פון מלוכה, וועלכע ציט־צו די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטנדיגע און עקספּלואַטירטע צו שטענדיגן

און אומבאדינגטן אַנטייל אין דער מלוכה־פאַרוואַלטונג, נאָר זי איז פּייאיג צוצוגרייטן דאָס אָפּשטאַרבן פון דער מלוכה, וואָס דאָס איז איינער פון די גרונט־עלעמענטן פון דער צוקונפטיגער, אַנ'מלוכה'שער, קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

די סאָוועטן־רעפּובליק איז, אַלזאָ, די געזונטע און ענדלעך געפונענע פּאָליטישע פאָרם, וואָס אין אירע ראַמען דאַרף דורכגעפירט ווערן די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פונם פּראָלעטאַריאַט, דער פולער זיג פונם סאָציאַליזם.

די פּאַריזער קאָמונע איז געווען אַן עמבריאָן פון דער דאָזיגער פאָרם. די סאָוועטן־מאַכט — דאָס איז איר אַנטוויקלונג און פאַרפולקומונג.

אַט פאַרוואָס לענין זאָגט, אַז:

„די רעפּובליק פון די סאָוועטן פון אַרבעטערשע, סאָלדאַטישע און פויערשע דעפּוטאַטן איז ניט בלויז אַ פאָרם פון אַ העכערן טיפּ דעמאָקראַטישע אַנשטאַלטן, נאָר אויך די איינציגע פאָרם, וועלכע איז פּייאיג צו זיכערן דעם אָנווייטאָגדיגן איבערגאַנג צום סאָציאַליזם.״ („טעזיסן וועגן דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג״.)

---

פינפטע לעקציע

# די פויערים - פראַגע.

פון דער טעמע נעם איך פיר פראַגן: א) די שטעלונג פון דער פראַגע; ב) דאָס פויערטום אין דער צייט פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע; ג) דאָס פויערטום אין דער צייט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע; ד) דאָס פויערטום נאָך דער פאַרפעסטיגונג פון דער סאָוועטן־מאַכט.

1. די שטעלונג פון דער פראַגע. אייניגע מיינען, אַז דער עיקר אינם לעניניזם — דאָס איז די פויערים־פראַגע, אַז דער אויסגאַנגס־פּונקט פונם לעניניזם איז די פראַגע וועגן פויערטום, וועגן זיין ראָלע, זיין ספּעציפישן געוויכט. דאָס איז אַבסאָלוט ניט ריכטיג. די גרונט־פראַגע אינם לעניניזם, זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז ניט די פויערים־פראַגע, נאָר די פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וועגן די באַדינגונגען פון איר דעראָבערונג, וועגן די באַדינגונגען פון איר פאַרפעסטיגונג. די פויערים־פראַגע, אַלס פראַגע וועגן דעם פאַרבינדעטן פונם פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמף פאַר דער מאַכט — איז שוין אַ פראַגע, וואָס דרינגט אַרויס פון דער ערשטער.

דאָס נעמט ביי איר אָבער כּלל ניט אָפּ די ערנסטע, פרישצאַפּלדיגע באַדייטונג, וועלכע זי האָט אָן ספק פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. עס איז באַקאַנט, אַז די ערנסטע פאַנאַנדעראַרבעטונג פון דער פויערים־פראַגע האָט אין די רייען פון די רוסישע מאַרקסיסטן זיך אָנגעהויבן גראַד ערב דער ערשטער רעוואָלוציע (פון 1905 יאָר), ווען די פראַגע וועגן אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם און דורכפירן די העגעמאָניע (אָנפירונג) פון פּראָלעטאַריאַט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דער פּאַרטיי אין איר גאַנצן וואוקס, און די פראַגע וועגן דעם פאַרבינדעטן פונם פּראָלעטאַריאַט אין דער פאָרשטייענדיגער בורזשואַזער רעוואָלוציע האָט באַקומען אַ פרישצאַפּלדיגן כאַראַקטער. עס איז אויך באַקאַנט, אַז די פויערים־פראַגע האָט נאָך אין רוסלאַנד באַקומען אַ מער אַקטועלן כאַראַקטער אין דער צייט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, ווען די פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וועגן דעראָבערן און איינהאַלטן זי האָט געבראַכט צו דער פראַגע וועגן די פאַרבינדעטע פונם פּראָלעטאַריאַט אין דער פאָרשטייענדיגער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. און עס איז טאַקע פאַרשטענדלעך: ווער עס גייט און גרייט זיך צו נעמען די מאַכט, דער קאָן זיך ניט אינטערעסירן מיט דער פראַגע וועגן זיינע ווירקלעכע פאַרבינדעטע.

אין דעם זינען איז די פויערים־פראַגע אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, און אַלס אַזעלכע איז זי איינע פון די וויכטיגסטע פראַגן פון לעניניזם.

די גלייכגילטיגע אָדער גאָר נעגאַטיווע באַציאונג צו דער פויערים־פראַגע מצד די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל לאָזט זיך דערקלערן ניט בלויז דורך די באַזונדערע אַנטוויקלונגס־באַדינגונגען אויפן מערב. זי לאָזט זיך דערקלערן פריער פאַר אַלץ דערמיט, וואָס די דאָזיגע פּאַרטייען גלויבן

ניט אין דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, האָבן מורא פאַר דער רעוואָלוציע און טראַכטן אַפילו ניט צו פירן דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער מאַכט, — און ווער ס'האָט מורא פאַר דער רעוואָלוציע, ווער ס'טראַכט ניט צו פירן דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער מאַכט, דער קאָן זיך ניט אינטערעסירן מיט דער פראַגע וועגן פאַרבינדעטע פונם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע, פאַר דעמאיז די פראַגע וועגן די פאַרבינדעטע אַ גלייכגילטיגע, ניט קיין אַקטועלע. די איראָנישע באַציאונג פון די העלדן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל צו דער פויערים־פראַגע רעכנט זיך ביי פאַר אַ סימן פון „גוטן טאָן", פאַר אַ סימן פון „עכטן" מאַרקסיזם. אי. דער אמת'ן איז דאָ ניטאָ אַפילו קיין טראָפּן מאַרקסיזם, ווייל זיין גלייכגילטיג צו אַזאַ וויכטיגער פראַגע, ווי די פויערשע, ערב דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, הייסט אָפּלייקענען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, איז אָן צווייפל אַ דירעקטער פאַרראַט קעגן מאַרקסיזם.

די פראַגע שטייט אַזוי: צי זיינען שוין אויסגעשעפּט די רעוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען פאַרבאָרגן אין די טיפענישן פונם פויערטום, צוליב געוויסע באַדינגונגען פון זיין עקזיסטענץ, אָדער ניט? און אויב זיי זיינען ניט אויסגעשעפּט, צי איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַ גרונט אויסצונוצן די מעגלעכקייט פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, פאַרוואַנדלען דאָס פויערטום, זיין עקספּלואַטירטע מערהייט, פון אַ רעזערוו פון דער בורזשואַזיע, ווי דאָס איז פאַרבליבן אויך איצט — אין אַ רעזערוו פונם פּראָלעטאַריאַט, אין זיינעם אַ פאַרבינדעטן?

דער לעניניזם ענטפערט אויף דער פראַגע פּאָזיטיוו, ד. ה. אין גייסט פון אָנערקענען רעוואָלוציאָנערע פיאיגקייטן אין די רייען פון דער מערהייט פויערטום און אין גייסט פון דער מעגלעכקייט זיי אויסצונוצן אין די אינטערעסן פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די געשיכטע פון די דריי רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד באַשטעטיגט אין דער פולער מאָס די אויספירן פונם לעניניזם אין דעם פּרט.

דערפון קומט דער פּראַקטישער אויספיר וועגן אונטערשטיצן, אומבאַדינגט אונטערשטיצן די אַרבעטנדיגע מאַסן פונם פויערטום אין זייער קאַמף קעגן דער פאַרשקלאַפונג און עקספּלואַטאַציע, אין זייער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון אונטערדריקונג און דלות. דאָס באַדייט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אונטערשטיצן יעדע פויערשע באַוועגונג. עס רעדט זיך דאָ וועגן אונטערשטיצן אַזאַ באַוועגונג און אַזאַ קאַמף פונם פויערטום, וועלכע פאַרלייכטערן דירעקט אָדער אומדירעקט די באַפרייאונגס־באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע גיסן אַזוי אָדער אַנדערש וואַסער אויף דער מיל פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וועלכע העלפן צו פאַרוואַנדלען דאָס פויערטום אין אַ רעזערוו און אין אַ פאַרבינדעטן פונם אַרבעטער־קלאַס.

2. דאָס פויערטום אין דער צייט פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

דער דאָזיגער פּעריאָד נעמט אַרום אַ פּעריאָד צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע (1905 יאָר) ביז דער צווייטער (פעברואַר, 1917 יאָר) איינגעשלאָסן. דער כאַראַקטער־שטריך פון דעם דאָזיגן פּעריאָד איז די אַרויסבאַפרייאונג פונם פויערטום פון אונטער דער ווירקונג פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, דער אָפּגאַנג פונם פויערטום פון די קאַדעטן *), דער קער פונם פויערטום צום פּראָלעטאַריאַט, צו דער פּאַרטיי פון די באָלשעוויקעס. די געשיכטע פון

*) ליבעראַלן (אָפּקירצונג פונם וואָרט „קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן").

דעם דאָזיגן פּעריאָד איז די געשיכטע פונם קאַמף פון די קאַדעטן (די ליבעראַלע בורזשואַזיע) און די באָלשעוויקעס (דער פּראָלעטאַריאַט) פאַרן פויערטום. דעם גורל פון דעם דאָזיגן קאַמף האָט באַשטימט דער דומע**) פּעריאָד, ווייל דער פּעריאָד פון די ערשטע פיר דומעס האָט געדינט פאַר אַן אָנשוילעכע לערע פאַרן פויערטום, און די דאָזיגע לערע האָט בפירוש דערוויזן די פויערים, אַז זיי וועלן ניט באַקומען פון די הענט פון די קאַדעטן ניט קיין ערד, ניט קיין פרייהייט, אַז דער קייזער איז אינגאַנצן פאַר די פּריצים, און די קאַדעטן שטיצן אונטער דעם קייזער, אַז די איינציגע קראַפט, אויף וועמענס הילף מ'קאָן אויסרעכענען, דאָס זיינען נאָר די שטאָטישע אַרבעטע ־ער פּראָלעטאַריאַט. די אימפּעריאַליסטישע מלחמה האָט נאָר באַשטעטיגט די לערע פונם דומע־פּעריאָד, פאַרענדיגנדיג דעם אָפּגאַנג פונם פויערטום פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, ווייל די יאָרן פון מלחמה האָבן באַוויזן די גאַנצע פּוסטקייט, די גאַנצע אילוזאָרישקייט פון די האָפענונגען צו באַקומען שלום פונם קייזער און זיינע בורזשואַזע פאַרבינדעטע. אָן די אָנשוילעכע לעקציעס פונם דומע־פּעריאָד וואָלט די העגעמאָניע פונם פּראָלעטאַריאַט געווען אוממעגלעך.

אַזוי האָט זיך געשאַפן דער פאַרבאַנד צווישן די אַרבעטער און די פויערים אין דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. אַזוי האָט זיך געשאַפן די העגעמאָניע (אָנפירונג) פונם פּראָלעטאַריאַט אינם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר דער שטירצונג פונם צאַריזם, די העגעמאָניע, וועלכע האָט געבראַכט צו דער פעברואַר־רעוואָלוציע פון 1917 יאָר.

די בורזשואַזע רעוואָלוציעס פון מערב (ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, עסטרייך) זיינען, ווי באַקאַנט, אַוועק אויף אַן אַנדער וועג. דאָרט האָט די העגעמאָניע אין דער רעוואָלוציע געהערט ניט דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט צוליב זיין שוואַכקייט ניט פאָרגעשטעלט און ניט געקאָנט פאָרשטעלן קיין זעלבסטשטענדיגע פּאָליטישע קראַפט, נאָר דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. דאָרט האָט דאָס פויערטום באַקומען די באַפרייאונג פון אונטער די לייב־אייגנטימערישע אָרדענונגען ניט פון די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז געווען קליין אין צאָל און ניט אָרגאַניזירט, נאָר פון די הענט פון דער בורזשואַזיע. דאָרט איז דאָס פויערטום געגאַנגען קעגן די אַלטע אָרדענונגען צוזאַמען מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. דאָרט האָט דאָס פויערטום מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ רעזערוו פון דער בורזשואַזיע. דאָרט האָט די רעוואָלוציע צוליב דעם געבראַכט צו אַ גוואַלטיגער פאַרשטאַרקונג פונם פּאָליטישן געוויכט פון דער בורזשואַזיע.

אין רוסלאַנד האָט די בורזשואַזע רעוואָלוציע, פאַרקערט, געגעבן פּונקט פאַרקערטע רעזולטאַטן. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט געבראַכט ניט צו דער פאַרשטאַרקונג, נאָר צו דער אָפּשוואַכונג פון דער בורזשואַזיע אַלס פּאָליטישע קראַפט, ניט צו דער פאַרגרעסערונג פון אירע פּאָליטישע רעזערוון, נאָר דערצו, אַז זי זאָל פאַרלירן איר גרונט־רעזערוו, זי זאָל פאַרלירן דאָס פויערטום. די בורזשואַזע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אַרויסגערוקט אויפן פאָדערגרונט ניט די ליבעראַלע בורזשואַזיע, נאָר דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, באַהעפטנדיג אַרום אים דאָס פילמיליאָניגע פויערטום.

דערמיט דערקלערט זיך, אגב, דער פאַקט, וואָס די בורזשואַזע רעוואָ־

*) דומע—כלומרשטער רוסישער פּאַרלאַמענט (עקזיסטירט פון 1906 ביז 1917).

לוציע איז אין רוסלאַנד אַריבערגעוואַקסן אין אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין אַ פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט. די העגעמאָניע פונם פּראָלעטאַריאַט איז געווען — דער קערן און די איבערגאַנגס־שטופע צו דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

מיט וואָס דערקלערט זיך אָט די אייגנאַרטיגע דערשיינונג אין דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט ניט קיין פּרעצעדענטן אין דער געשיכטע פון די בורזשואַזע רעוואָלוציעס אויפן מערב? פון וואַנען האָט זיך גענומען אָט די אייגנאַרטיגקייט?

עס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די בורזשואַזע רעוואָלוציע האָט זיך אין רוסלאַנד פאַנאַנדערגעוויקלט ביי מער אַנטוויקלטע באַדינגונגען פון קלאַסנקאַמף ווי אויפן מערב, וואָס דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין באַוויזן צו דער צייט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ זעלבסטשטענדיגער פּאָ־ליטישער קראַפט, בשעת די ליבעראַלע בורזשואַזיע, אָנגעשראָקן פון דער רעוואָלוציאָנערישקייט פונם פּראָלעטאַריאַט, האָט פאַרלאָרן אפילו דעם סימן פון אַ וועלכער ניט איז רעוואָלוציאָנערישקייט (באַזונדערס נאָך די לעקציעס פון 1905 יאָר) און איז אַריינגעטראָטן אין אַ בונד מיטן צאַר און מיט די פּריצים געגן דער רעוואָלוציע, געגן די אַרבעטער און פּויערים.

פאָלגענדע אומשטענדן האָבן באַשטימט די אייגנאַרטיגקייט פון דער רוסישער בורזשואַזער רעוואָלוציע:

א) די אויסערגעוויינלעכע קאָנצענטרירונג פון דער רוסישער אינ־דוסטריע ערב דער רעוואָלוציע. עס איז, למשל, באַקאַנט, אַז אין אונטער־נעמונגען מיט אַ צאָל אַרבעטער העכער פון 500 מאַן האָבן אין רוסלאַנד גע־אַרבעט 54 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער, בשעת אין אַזאַ אַנטוויקלט לאַנד ווי צפון־אַמעריקע האָבן אין ענלעכע אונטערנעמונגען געאַרבעט אינגאַנצן 33 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער. איך ווייס ניט, צי מען דאַרף נאָך דערווייזן, אַז שוין דאָס אַליין, ביי דער אָנוועזנהייט פון אַזאַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, ווי די פּאַרטיי באָלשעוויקעס, האָט געמאַכט דעם אַרבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד פאַר דער גרעסטער קראַפט אינם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

ב) די עקלהאַפטע פאָרמען פון עקספּלואַטאַציע אין די אונטערנעמונגען צוזאַמען מיטן אומדערטרעגלעכן פּאָליציייאישן רעזשים פון די צארישע משרתים, — דאָס איז אַן אומשטאַנד, וועלכער האָט יעדן ערנסטן סטרייק פון די אַרבעטער פאַרוואַנדלט אין אַ גוואַלדיגן פּאָליטישן אַקט און האָט פאַר־האַרטעוועט דעם אַרבעטער־קלאַס, ווי אַ קראַפט וואָס איז רעוואָלוציאָנער ביזן סוף.

ג) די פּאָליטישע צעקראָכנקייט פון דער רוסישער בורזשואַזיע, וועלכע איז נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ משרתים־פּאָך ביים צאַריזם און אין הוילע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערישקייט. דאָס ווערט דערקלערט ניט בלויז דורך דער רעוואָלוציאָנערישקייט פונם [illegible]סישן פּראָ־לעטאַריאַט, וואָס האָט אָפּגעוואָרפן די רוסישע בורזשואַזיע אין [illegible] אָרעמס פונם צאַריזם, נאָר אויך דורך דער דירעקטער אָפּהייגיגקייט פון דער בור־זשואַזיע פון די קאַזיאָנע באַשטעלונגען.

ד) די עקלהאַפטסטע און אומדערטרעגלעכסטע רעשטן פון לייבאייג־טימערישע אָרדענונגען אין דאָרף, דערגאַנצט דורך דער אַלמעכטיגקייט פונם פּריץ — דאָס איז אַן אומשטאַנד, וועלכער האָט אַריינגעוואָרפן דאָס פּויערטום אין די אָרעמס פון דער רעוואָלוציע.

ה) דער צאַריזם, וועלכער האָט אונטערדריקט אַל דאָס לעבעדיגע און האָט מיט זיין ווילקיר נאָך פאַרשאַרפט דעם יאָך פונם קאַפּיטאַליסט און גוט־באַזיצער — דאָס איז אַן אומשטאַנד, וועלכער האָט פאַראייניגט דעם קאַמף פון די אַרבעטער און פויערים אין איין איינהייטלעכן רעוואָלוציאָנערן שטראָם.

ו) די אימפּעריאַליסטישע מלחמה, וועלכע האָט צוזאַמענגעגאָסן די אַלע געגנזאַצן פונם פּאָליטישן לעבן פון רוסלאַנד אין אַ טיפן רעוואָלוציאָנערן קריזיס און האָט צוגעגעבן דער רעוואָלוציע אַן אויסערגעוויינלעכע דראַנג־קראַפט.

וואוהין האָט זיך געהאַט אַ קער געטאָן דאָס פויערטום ביי אַזוינע באַדינגונגען? ביי וועמען זוכן שטיצן געגן דער אַלמעכטיגקייט פונם גוט־באַזיצער, געגן דעם ווילקיר פונם צאַר, געגן דער אומברייננגענדיגער מלחמה, וואָס האָט רואינירט זיין ווירטשאַפט? ביי דער ליבעראַלער בורזשואַזיע? זי איז דאָך אָבער אַ שונא, — דערויף האָט עדות געזאָגט די לאַנדיאָריגע דער־פאַרונג פון אַלע פיר דומעס. ביי די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן?*) די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן זיינען, פאַרשטייט זיך, „בעסער" פון די קאַ־דעטן, און די פּראָגראַם איז ביי זיי אַ „פּאַסיגע", כמעט אַ פויערשע, אָבער וואָס קאָנען זיי געבן, אויב זיי מיינען זיך צו שטיצן נאָר אויף די פויערים אַליין, און אויב זיי זיינען שוואַך אין שטאָט, וואו דער געגנער שעפּט פריער פאַר אַלץ זיינע כחות? וואו איז די נייע קראַפט, וועלכע וועט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשטעלן, ניט אין דאָרף, ניט אין שטאָט, וועלכע וועט דרייסט גיין אין די ערשטע רייען קעמפן מיטן צאַר און פּריץ, וועלכע וועט העלפן דעם פויער זיך אַרויסצורייסן פון פאַרשקלאַפונג, פון ערדלאָזיגקייט, פון אונטערן יאָך, פון דער מלחמה? איז דען בכלל געווען אין רוסלאַנד אַזאַ קראַפט? יאָ, עס איז געווען. דאָס איז געווען דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט באַוויזן זיין קראַפט, זיין דרייסטקייט, זיין רעוואָלוציאָנערישקייט נאָך אין 1905 יאָר.

אַלנפאַלס, קיין אַנדער קראַפט אַזאַ איז ניט געווען און נעמען זי איז ניט געווען פון וואַנען.

אָט פאַרוואָס דאָס פויערטום איז, אָפּגייענדיג פון די קאַדעטן און צו־שטייענדיג צו די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, געקומען צוזאַמען דערמיט צו דער נויטווענדיגקייט זיך אונטערצואוואַרפן אונטער דער אָנפירונג פון אַזאַ דרייסטן פירער פון דער רעוואָלוציע, ווי דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט.

אָט דאָס זיינען די אומשטענדן, וועלכע האָבן באַשטימט די אייגנאַרטיג־קייט פון דער רוסישער בורזשואַזער רעוואָלוציע.

3. דאָס פויערטום אין דער צייט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. דער דאָזיגער פּעריאָד נעמט אַרום די צייט צווישן דער פעברואַר־רעוואָלוציע (פון 1917 יאָר) ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע (1917 יאָר). דער דאָזיגער פּעריאָד איז בערך ניט קיין לאַנגער, — איינגאַנצן אַכט חדשים, אָבער פון שטאַנדפּונקט פון די מאַסן קאָנען די דאָזיגע אַכט חדשים דרייסט אוועק־געשטעלט ווערן אויף איין שטופע מיט גאַנצע יאָרצענדליגער פון געוויינלעכער קאָנסטיטוציאָנעלער אַנטוויקלונג, ווייל דאָס זיינען אַכט חדשים רעוואָלוציע. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער דאָזיגער רעוואָלוציע איז די ווייטער־

*) אָפּאָרטוניסטישע אינטעליגענטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אָריענטירט אויפן פויער.

דיגע רעוואָלוציאָניזירונג פונם פויערטום, זיין אַנטווישונג אין די ס.ר.׳ן, דער אָפּגאַנג פונם פויערטום פון די ס.־ר.׳ן, אַ נייער קער פונם פויערטום אין דער ריכטונג פון דירעקטער באַהעפטונג אַרום דעם פּראָלעטאַריאַט, אַלס איינציגע ביזן סוף רעוואָלוציאָנערע קראַפט, וועלכע איז פעאיג צו ברענגען דאָס לאַנד צום שלום. די געשיכטע פון דעם דאָזיגן פעריאָד איז די געשיכטע פון קאַמף צווישן די ס.־ר.׳ן (קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע) און די באָלשעוויקעס (פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע) פאַרן פויערטום, פאַרן באַהערשן די מערהייט פויערטום. דעם גורל פון דעם דאָזיגן קאַמף האָט באַשטימט דער קאָאַליציע־פעריאָד *), דער פעריאָד פון קערענסקי׳ן, דער אָפּזאָג פון די ס.־ר.׳ן און מענשעוויקעס צו קאָנפיסקירן די פּריצישע ערד, דער קאַמף פון די ס.־ר.׳ן און מענשעוויקעס פאַר דער ווייטערדיגער פירונג פון דער מלחמה, דער יוני־אָנגריף אויפן פראָנט, די טויט־שטראָף פאַר די סאָלדאַטן, דער אויפשטאַנד פון קאָרנילאָוו׳ן.

אויב פריער, אינם פאָריגן פעריאָד, איז די גרונט־פראַגע פון דער רעוואָלוציע געווען אַראָפּצוואַרפן דעם צאַר און די פּריצישע מאַכט, איז איצט, אינם פעריאָד נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע, ווען קיין צאַר איז שוין ניט געווען, און די פאַרשלעפטע מלחמה האָט אונטערגעריסן די ווירטשאַפט פון לאַנד, רואינירנדיג אינגאַנצן דאָס פויערטום — איז איצט די גרונט־פראַגע פון דער רעוואָלוציע געוואָרן די פראַגע וועגן ליקווידירן די מלחמה. דער שווער־פונקט איז אָפן אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון די פראַגן, וואָס האָבן אַ ריין־אינערלעכן כאַראַקטער, צו דער גרונט־פראַגע וועגן דער מלחמה. „מאַכן אַ סוף צו דער מלחמה”, „אַרויסרייסן זיך פון דער מלחמה”, — אָט דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער געשריי פונם אויסגעמאַטערטן לאַנד און, פריער פון אַלץ, פונם פויערטום.

אָבער כדי אַרויסצורייסן זיך פון דער מלחמה, האָט מען געמוזט אַראָפּוואַרפן די צייטווייליגע רעגירונג, מען האָט געמוזט אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון די ס.־ר.׳ן און מענשעוויקעס, ווייל זיי און נאָר זיי האָבן פאַרצויגן די מלחמה ביזן „זיגרייכן סוף”. קיין אַנדער וועג אויף אַרויסצוגיין פון דער מלחמה, ווי אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע, איז אין דער פּראַקטיק ניט געווען.

דאָס איז געווען אַ נייע רעוואָלוציע, אַ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, ווייל זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון דער מאַכט די לעצטע, עקסט לינקע פראַקציע פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, די פאַרטיי פון ס.ר.׳ן און מענשעוויקעס, כדי צו באַשאַפן אַ נייע, פּראָלעטאַרישע מאַכט פון סאָוועטן, כדי אוועקצושטעלן ביי דער מאַכט די פאַרטיי פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, די פאַרטיי פון באָלשעוויקעס, די פאַרטיי פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף געגן דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, פאַר אַ דעמאָקראַטישן שלום. די מערהייט פונם פויערטום האָט געשטיצט דעם קאַמף פון די אַרבעטער פאַר שלום, פאַר דער מאַכט פון סאָוועטן.

קיין אַנדער אויסוועג איז פאַרן פויערטום ניט געווען. קיין אַנדער אויסוועג האָט ניט געקאָנט זיין.

דער פעריאָד פון קערענסקי׳ס הערשאַפט איז, אַלזאָ, געווען די גרעסטע

---

*) פעריאָד, ווען די צייטווייליגע רעגירונג האָט אַנטהאַלטן סיי ריין-בורזשואַזע, סיי מענשעוויסטישע און סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערע מיניסטאָרן. דער ערשטער אַזאַ קאַבינעט האָט זיך געגרינדעט דעם 18טן מאַי.

קאָנקרעטע לעקציע פאַר די אַרבעטנדיגע מאַסן פונם פויערטום, ווייל ער האָט קאָנקרעט דערוויזן, אַז ביי דער מאַכט פון די ס.־ר.׳ן און מענשעוויקעס וועט זיך דאָס לאַנד ניט אַרויסרייסן פון דער מלחמה, וועלן די פויערים ניט דערזען ניט קיין ערד און ניט קיין פרייהייט, אַז די מענשעוויקעס און ס.־ר.׳ן .זונטערשיידן זיך פון די קאַדעטן נאָר מיט זיסע רייד און פאַלשע צוזאָגן, אין דער אמת׳ן אָבער פירן זיי דורך די זעלביגע אימפּעריאַליסטישע, קאַדעטישע פּאָליטיק, אַז די איינציגע מאַכט, וועלכע איז פייאיג אַרויסצופירן דאָס לאַנד אויף אַ וועג, קאָן זיין נאָר די מאַכט פון די סאָוועטן. דאָס ווייטערדיגע פאַרציען די מלחמה האָט נאָר באַשטעטיגט די ריכטיגקייט פון אָט דער לעקציע, האָט אונטערגעיאָגט די רעוואָלוציע און האָט געטריבן די מיליאָניגע מאַסן פון פויערים און סאָלדאַטן אויפן וועג פון דירעקטער באַהעפטונג אַרום דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די איזאָלאַציע פון די ס.־ר.׳ן און מענשעוויקעס איז געוואָרן אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט. אָן דער ס.־ר.׳ן לערע פונם קאָאַליציע־פּעריאָד וואָלט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט געווען אוממעגלעך.

אָט דאָס זיינען די אומשטענדן, וועלכע האָבן פאַרלייכטערט דעם פּראָצעס פונם אַריבערוואַקסן פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אַזוי איז באַשאַפן געוואָרן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד.

### 4. דאָס פויערטום נאָך דער פאַרפעסטיקונג פון דער סאָוועטן־מאַכט.

אויב פריער, אינם ערשטן פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע, איז עס געגאַנגען הויפּטזאַכלעך וועגן אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם, און דערנאָך, נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע, האָט זיך פריער פון אַלץ געהאַנדלט וועגן אַרויסגיין פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה דורכן אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע, איז איצט, נאָך דעם ווי עס איז ליקווידירט געוואָרן דער בירגער־קריג און עס האָט זיך פאַרפעסטיגט די סאָוועטן־מאַכט, — זיינען אויפן ערשטן פּלאַן אַרויסגעטראָטן די פראַגן פוןווירטשאַפטלעכער בויאונג. פאַרשטאַרקן און אַנטוויקלען די נאַציאָנאַליזירטע אינדוסטריע; צוזאַמענבינדן צוליב דעם די אינדוסטריע מיט דער פויערשער ווירטשאַפט דורכן האַנדל, וועלכער ווערט רעגולירט פון דער מלוכה; פאַרבייטן די ברויט־פאַרציינזונג („ראַזוואָירסטקע”) דורכן נער־שטייער, כדי דערנאָך, ביסלעכווייז פאַרקלענערנדיג די גרויס פונם שטייער, ברייגנען אַן אויסטויש פון די פּראָדוקטן פון דער אינדוסטריע אויף די פּראָדוקטן פון דער פויערשער ווירטשאַפט; אויפלעבן דעם האַנדל און אַנטוויקלען די קאָאָפּעראַציע, אַריינציענדיג אין איר מיליאָנען פונם פויערטום — אָט ווי לענין האָט געמאָלט די אָרדנטלעכע בויאונג אויפן וועג צום אויפבויען דעם פונדאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק.

מען זאָגט, אַז די דאָזיגע אויפגאַבע קאָן זיך אַרויסווייזן פאַר אַזעלכע, וואָס איז ניט לויט די כחות פאַר אַזאַ פויעריש לאַנד, ווי רוסלאַנד. אייניגע סקעפּטיקער ריידן אַפילו וועגן דעם, אַז זי איז פּשוט אוטאָפּיש, ניט אויספירבאַר, ווייל פויערטום בלייבט פויערטום, עס באַשטייט פון קליינע פּראָדוצירער און עס קאָן דעריבער ניט אויסגענוצט ווערן צום אָרגאַניזירן דעם פונדאַמענט פאַר דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע.

אָבער די סקעפּטיקער זיינען זיך טועה, ווייל זיי באַרעכענען ניט אייניגע אומשטענדן, וועלכע האָבן אין דעם געגעבענעם פאַל אַן אַנטשיידנדיגע באַדייטונג. מיר וועלן באַטראַכטן די וויכטיגסטע צווישן זיי.

מען טאָר ניט צוזאַמענמישן דאָס פּויערטום פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד מיטן פּויערטום פון מערב. דאָס פּויערטום, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַ שול פון דריי רעוואָלוציעס, וואָס האָט געקעמפט געגן צאַר און געגן דער בורזשואַזער מאַכט צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט און מיטן פּראָלעטאַריאַט אָן שפּיץ, דאָס פּויערטום, וואָס האָט באַקומען ערד און שלום פון די הענט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און וואָס איז אַ דאַנק דעם געוואָרן דער רעזערוו פונם פּראָלעטאַריאַט — אָט דאָס פּויערטום מוז זיך אונטערשיידן פון דעם פּויערטום, וואָס האָט אין דער צייט פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע געקעמפט מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע און וואָס איז אַ דאַנק דעם געוואָרן דער רעזערוו פון דער בורזשואַזיע. אָסור אויב מען דאַרף נאָך דערווייזן, אַז דאָס סאָוועטישע פּויערטום, וואָס איז געוואוינט צו שעצן די פּאָליטישע פריינטשאַפט און פּאָליטישע מיטאַרבעט מיטן פּראָלעטאַריאַט און וואָס האָט זיין פריהייט צו פאַרדאַנקען אָט דער פריינטשאַפט און אָט דער מיטאַרבעט, — מוז זיין אַן אויסשליסלעך־גינסטיגער מאַטעריאַל פאַר דער עקאָנאָמישער צוזאַמענאַרבעט מיטן פּראָלעטאַריאַט.

ענגעלס האָט געזאָגט, אַז „די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורך דער סאָציאַליסטיש׳ר פּאַרטיי איז געוואָרן אַ זאַך פון דער נאָענטער צוקונפט”, אַז „כדי זי דעראָבערן, דאַרף די פּאַרטיי לכתחילה גיין פון שטאָט אין דאַרף אַריין או׳ יוערן שטאַרק אין דאָרף.” (זע ענגעלס „פּויערים־פראַגע”). ער האָט וועגן דעם געשריבן אין די 90־ער יאָרן פונם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָבנדיג אין זינען דאָס מערב׳דיגע פּויערטום. צי דאַרף מען דען דערווייזן, אַז די רוסישע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אין דער הינזיכט דורכגעמאַכט אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט אין משך פון דריי רעוואָלוציעס, האָבן שוין באַוויזן צו באַשאַפן זיך אין דאָרף אַזאַ ווירקונג און אַזאַ שטיצפּונקט, וועגן וועלכע עס דערוועגן זיך אפילו ניט צו טרוימען אונזערע מערב׳דיגע חברים? ווי קאָן מען אָפּלייקענען, אַז דער דאָזיגער אומשטאַנד מוז פאַרלייכטערן אין גרונט די אַרבעט פון איינאָרדענען די עקאָנאָמישע מיטאַרבעט צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס און דעם פּויערטום פון רוסלאַנד?

די סקעפּטיקער טענה׳ן וועגן די קליינע פּויערים, ווי וועגן אַ פאַקטאָר, וועלכן מען קאָן ניט צונויפפּאָרן מיט סאָציאַליסטישער בויאונג. הערט אָבער, וואָס ענגעלס זאָגט וועגן די קליינע פּויערים פונם מערב:

„מיר שטייען קאַטעגאָריש אויף דער זייט פונם קליינעם פּויער; מיר וועלן טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, כדי אים זאָל זיך לעבן דערטרעגלעכער, כדי צו פאַרלייכטערן פאַר אים דעם איבערגאַנג צו אַ קאָלעקטיוו אין פאַל, אויב ער וועט זיך דערויף באַשליסן. אין דעם פאַל, ווידער, אויב ער איז נאָך ניט אימשטאַנד אָנצונעמען דעם באַשלוס, וועלן מיר זיך באַמיען צו געבן אים ווי ווייט מעגלעך מער צייט אויף צו טראַכטן וועגן דעם אויף זיין שטיקל ערד. מיר וועלן אַזוי טאָן ניט בלויז דערפאַר, וואָס מיר האַלטן פאַר מעגלעך דעם אַריבערגאַנג אויף אונזער זייט פונם זעלבסטשטענדיק אַרבעטנדיגן פּויער, נאָר אויך אַרויסגייענדיג פון די אוממיטלבאַרע פּאַרטיי־אינטערעסן. וואָס גרעסער עס וועט זיין די צאָל פּויערים, וועלכע מיר וועלן לאָזן זיך אַראָפּלאָזן ביזן צושטאַנד פון פּראָלעטאַריער און וועלכע מיר וועלן צוציען אויף אונזער זייט נאָך ווי פּויערים, אַלץ גיכער און לייכטער וועט פאָרקומען די געזעלשאַפטלעכע איבעראַנדערשונג. עס וואָלט אומנוצלעך געווען צו וואַרטן מיט דער דאָזיגער איבערבויאונג ביז יענער צייט, ווען

די קאפיטאליסטישע פראדוקציע וועט זיך אומעטום אנטוויקלען ביז אירע עקסטע קאנ[illegible]וועוצן, ווען אויך דער לעצטער קליינער האנטווערקער און דער לעצטער [illegible]נער פויער וועלן פאלן ווי קרבנות פון דער גרויסער קאפיטאליסטישער פראדוקציע. די מאטעריעלע קרבנות, וועלכע עס וועט אויסקומען אין דעם זינען צו ברייגען פון די געזעלשאפטלעכע מיטלען צוליב די אינטערעסן פון די פויערים, קאנען פון שטאנדפונקט פון דער קאפיטאליסטישער עקאנאמיק מאכן אן איינדרוק פון ארויסגעווארפן געלט, — און דאך איז עס אן אויסגעצייכנטער באנוץ פונם קאפיטאל, ווייל זיי וועלן אפשר פארהיטן א צען מאל גרעסערע סומע ביי די הוצאות אויף דער געזעלשאפטלעכער איבערבויאונג אינגאנצן גענומען. אין דעם זינען קאנען מיר אלזא זיין זייער אויסברייטעריש בנוגע די פויערים.״ (זע אין זעלביגן ווערק).

אזוי האט געזאגט ענגעלס, האבנדיג אין אכט דאס מערב׳דיגע פויערטום. איז דען אבער ניט קלאר, אז דאס, וואס ענגעלס האט געזאגט, קאן אין ערגעץ ניט פארווירקלעכט ווערן אזוי ליכט און פול, ווי אינם לאנד פון דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט? איז דען ניט קלאר, אז נאר אין סאוועטן־פארבאנד קאנען דורכגעפירט ווערן אין לעבן שוין איצט און אין דער פולער מאס סיי דער „אריבערגאנג אויף אונזער זייט פון דעם זעלבסטשטענדיג־ארבעטנדיגן פויער״, סיי די נויטיגע דערצו „אויסברייטעריי בנוגע די פויערים״, אז די דאזיגע און ענלעכע מיטלען לטובת די פויערים ווערן שוין דורכגעפירט אין רוסלאנד? ווי קאן מען אפלייקענען, אז אט דער אומשטאנד דארף, פון זיין זייט, פארלייכטערן און א רוק טאן פאראויס די זאך פון דערווירטשאפטלעכער בויאונג פונם סאוועטן־לאנד?

ווייטער. מען טאר ניט צונויפמישן די לאנדווירטשאפט אין רוסלאנד מיט דער לאנדווירטשאפט פון מערב. דארט גייט די אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט לויט דער געוויינלעכער ליניע פון קאפיטאליזם, אין אן אומגעבונג פון טיפער דיפערענצירונג פונם פויערטום, מיט גרויסע גיטער און פריוואט־קאפיטאליסטישע לאטיפונדיעס (גרויסע ערד־גיטער) אויף איין פאליוס און פאופעריזם (דלות), ארימקייט און לוין־שקלאפעריי — אויפן צווייטן. דארט איז דעריבער די צעפאלונג גאנץ נאטירלעך. ניט דאס איז אין רוסלאנד. ביי אונז קאן די אנטוויקלונג פון דער לאנדווירשאפט ניט גיין אויף דעם וועג שוין דערפאר אפילו, וואס די עקזיסטענץ פון דער סאוועטן־מאכט און נאציאנאליזאציע פון די פונדאמענטאלע געצייגן און מיטלען פון דער פראדוקציע דערלאזן ניט אזא אנטוויקלונג. אין רוסלאנד מוז די אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט גיין אויף אן אנדער וועג, אויפן וועג פון אנטוויקלען אין דארף א מאסן־קאאפעראציע, וועלכע ווערט געשטיצט דורך דער מלוכה אויף אן אופן פון הנחות און קרעדיטן. לענין האט ריכטיג אנגעוויזן אין זיינע ארטיקלען וועגן קאאפעראציע, אז די אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט דארף ביי אונז גיין אויף א נייעם וועג, אויפן וועג פון ארייגציען די מערהייט פויערטום אין דער סאציאליסטישער בויאונג דורך דער קאאפעראציע, אויפן וועג פון דעם ביסלעכווייזן ארייגדרינגען פון די יסודות פון קאלעקטיוויזם אין דער לאנדווירטשאפט, פון אנהויב אין געביט פון אפזאץ, דערנאך — אין געביט פון דער פראדוקציע פון פראדוקטן פון לאנדווירטשאפט.

העכסט אינטערעסאנט זיינען אין דער הינזיכט אייניגע נייע דערשיינונגען אין דארף אין צוזאמענהאנג מיט דער ארבעט פון דער לאנדווירטשאפטלעכער

קאָאָפּעראַציע. עס איז באַקאַנט, אַז אינעווייניג אינעם „לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד" זיינען אַנטשטאַנען נייע גרויסע אָרגאַניזיציעס לויט די צווייגן פון לאַנדווירטשאַפט, — לויט לײַן, קאַרטאָפל, פּוטער א. אַז. וו., וועלכע האָבן אַ גרויסע צוקונפט. פון צווישן זיי פאַראייניגט, למשל, דער „לײַן־צענטער" אַ גאַנצע נעץ פון פּראָדוקציאָנעלע געזעלשאַפטן פון פּויערים לײַן־פלאַנצער. דער לײַן־צענטער פאַרנעמט זיך דערמיט, וואָס ער באַזאָרגט די פּויערים מיט זאָמען און פּראָדוציר־געצייג, דערנאָך קויפט ער ביי די זעלביגע פּויערים צונויף די גאַנצע פּראָדוקציע פון לײַן, פאַרקויפט זי אין אַ מאַסן־מאַסשטאַב אויפן מאַרק, גאַראַנטירט די פּויערים זייער אַנטייל אין די רווחים, און פאַרבינדט אַזוי אַרום די פּויערשע ווירטשאַפט דורכן לאַנדווירטשאַפט־לעכן פאַרבאַנד מיט דער מלוכה'שער אינדוסטריע. ווי זאָל מען אָנרופן אַזאַ פאָרם פון אָרגאַניזאַציע פון דער פּראָדוקציע? דאָס איז, לויט מיין מיינונג, אַ היימישע סיסטעם פון אַ גרויסער מלוכה־סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע אינעם געביט פון לאַנדווירטשאַפט. דאָס איז איינער פון די פיל אָנצייגער אויף דעם, אויף וואָס פאַר אַ וועג עס וועט מוזן ביי אונז גיין די אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט. איך רייד שוין דאָ ניט וועגן אַנדערע אָנצייגער פונם זעלביגן מין אין אַנדערע געביטן פון דער לאַנדווירטשאַפט. (חבר סטאַלין האָט דאָס געשריבן איידער ס'זיינען איינגעפירט געוואָרן די פילע קאָלעקטיווע פאָרמס (קאָלכאָזן), וואָס זיינען נאָר אַ ווייטערדיגער טריט אין דער ריכטונג. —רעד.).

איך מיין, אַז עס איז איבעריג צו דערווייזן, אַז די גוואַלדיגע מערהייט פון פּויערטום וועט זיך גערן שטעלן אויף דעם נייעם אַנטוויקלונגס־וועג, אָפּ־וואַרפנדיג פון זיך דעם וועג פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישע לאַטיפונדיעס און לוין־שקלאַפעריי, דעם וועג פון דלות און רואינירונג.

אָט וואָס עס זאָגט לענין וועגן די אַנטוויקלונגס־וועגן פון אונזער לאַנד־ווירטשאַפט:

„די מאַכט פון דער מלוכה איבער אַלע גרויסע פּראָדוציר־מיטלען, די מאַכט פון דער מלוכה אין די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט, דער בונד צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט מיט די פיל מיליאָנען קליינע און קלענסטע פּויערים, די באַוואָרנטע אָנפירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט בנוגע דעם פּויערטום א. אַז. וו. — איז דאָס דען ניט אַלץ, וואָס עס איז נויטיג דערצו, אַז די קאָאָפּעראַציע, וועלכע מיר האָבן פריער באַהאַנדלט ווי אַ הענדלערישע, און וועלכע מיר האָבן, אין אַ געוויסן פּרט, דאָס רעכט צו באַהאַנדלען אַזוי אויך איצט אין דער צייט פון „נעפּ", איז דען דאָס ניט אַלץ, וואָס עס איז נויטיג אויף אויפ־צובויען אַ פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט? דאָס איז נאָך ניט די בויאונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אָבער דאָס איז אַלץ, וואָס עס איז נויטיג און גענוג פאַר דער דאָזיגער בוי־אַרבעט." (זע: „וועגן קאָאָפּעראַציע".)

ריידנדיג ווייטער וועגן דער נויטיגקייט פון פינאַנציעלער און אַנדערער שטיצע פאַר דער קאָאָפּעראַציע, אַלס „נייעם פּרינציפּ פון אָרגאַניזירן די באַפעלקערונג" און נייע „געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג" ביי דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, זאָגט לענין ווייטער:

„יעדע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אַנטשטייט בלויז ביי דער פינאַנציעלער שטיצע מצד אַ באַשטימטן קלאַס. עס איז איבעריג צו דערמאָנען די הונדער־טער מיליאָנען רובל, וועלכע עס האָט געקאָסט די געבורט פונם „פרייען" קאַפּיטאַליזם. איצט דאַרפן מיר באַנעמען און פאַרוואַנדלען אין טאַט, אַז די

געזעלש[illegible]לעכע אָרדענונג, וועלכע מיר דאַרפֿן שטיצן מער ווי געוויינלעך ביי היינטיגן טאָג — דאָס איז די קאָאָפּעראַטיווע אָרדענונג. אָבער אונטער־שטיצן זי דאַרף מען נאָר אינם ווירקלעכן זין פֿון דעם וואָרט — ד. ה. די דאָזיגע שטיצע איז ניט גענוג פֿאַרשטיין אַזוי, אַז מען דאַרף שטיצן יעטווידן קאָאָפּעראַטיוון אומזאַץ; שטיצע דאַרף מען פֿאַרשטיין, ווי די שטיצע פֿון אַזאַ קאָאָפּעראַטיוון אומזאַץ, אין וועלכן עס באַטייליגן זיך ווירקלעך די ווירקלעכע מאַסן פֿון דער באַפֿעלקערונג.״ (זע דאָס זעלביגע ווערק).

וואָס זאָגן אָט די אַלע אומשטענדן?

זיי זאָגן, אַז די סקעפּטיקער זיינען ניט גערעכט.

זיין זאָגן, אַז גערעכט איז דער לעניניזם, וועלכער באַטראַכט די אַרבעטנדיגע מאַסן פֿונם פֿויערטום, ווי אַ רעזערוו פֿונם פּראָלעטאַריאַט.

זיי זאָגן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער שטייט ביי דער מאַכט, קאָן און דאַרף אויסנוצן דעם רעזערוו, כדי צוזאַמענצושליסן די אינדוסטריע מיט דער לאַנדווירטשאַפֿט, אויפֿהויבן די סאָציאַליסטישע בויאונג און אונטערפֿירן אונטער דער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט דעם נויטיגן פֿונדאַמענט, וואָס אָן אים איז אוממעגלעך דער איבערגאַנג צו אַ סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק.

---

## זעקסטע לעקציע

# די נאציאנאלע פראגע

פון דער טעמע נעם איך צוויי הויפט־פראגן: א) די שטעלונג פון דער פראגע; ב) די באפרייאונגס־באוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער און די פראלעטארישע רעוואלוציע.

1. די שטעלונג פון דער פראגע. פאר די לעצטע צוויי צענדליג יאר האט די נאציאנאלע פראגע אריבערגעטראגן א ריי ערנסטע ענדערונגען. די נאציאנאלע פראגע אינם פעריאד פון צווייטן אינטערנאציאנאל און די נאציאנאלע פראגע אינם פעריאד פון לענינִיזם איז בכלל ניט איינע או[illegible] די זעלבע זאך. זיי אונטערשיידן זיך טיף איינע פון דער צווייטער ניט [illegible]וויז לויטן פארנעם, נאר אויך לויט זייער אינערלעכן כאראקטער.

פריער פלעגט די נאציאנאלע פראגע געוויינלעך איינגעשלאסן ווערן אין אן ענגן קרייז פראגן, וועלכע זיינען דער עיקר געווען נוגע די „קולטורעלע" נאציאנאליטעטן. די אירלענדער, אונגארן, פאליאקן, פינען, סערבן און איניגע אנדערע נאציאנאליטעטן פון אייראפע, — אט דאס איז דער קרייז ניט־פולבארעכטיגטע פעלקער, מיט וועמעס גורל עס האבן זיך אינטערעסירט די העלדן פון צווייטן אינטערנאציאנאל. צענדליגער און הונדערטער מיליאנען פון די אזיאטישע און אפריקאנישע פעלקער, וועלכע לײַדן פון נאציאנאלן דרוק אין דער גראבסטער און אכזריות'דיגסטער פארם, פלעגן געוויינטלעך בלייבן אויסער באטראכט. ווייסע און שווארצע, „קולטורעלע" און „אומ־קולטורעלע" האט מען זיך ניט באשלאסן צו שטעלן אויף איין גראד. צוויי־דריי פוסטע און ראסלדיגע רעזאלוציעס, וועלכע גייען זארגזאם ארום די פראגע וועגן דער באפרייאונג פון די קאלאניעס, — דאס איז אלץ, מיט וואס עס האבן זיך געקאנט בארימען די טוער פון צווייטן אינטערנאציאנאל. איצט דארף מען שוין די דאזיגע צווייאיגקייט און האלבקייט אין דער נאציאנאלער פראגע האלטן פאר ליקווידירט. דער לענינִיזם האט אויפגעדעקט אט די שרייענדיגע דיסהארמאניע, האט צעשטערט די וואנט צווישן די ווייסע און שווארצע, צווישן די אייראפייער און אזיאטן, צווישן די „קולטורעלע„ און „אומקולטורעלע" שקלאפן פון אימפעריאליזם, און האט אזוי ארום צוזאמענגעבונדן די נאציאנאלע פראגע מיט דער קאלאניאלער. דערמיט אליין איז די נאציאנאלע פראגע פארוואנדלט געווארן פון א פריוואטער, אינערלעך־מלוכה־שער אין אן אלגעמיינער, אינטערנאציאנאלער, אין א וועלט־פראגע וועגן דער באפרייאונג פון די אונטערדריקטע פעלקער פון די אפהייגיגע לענדער און פון די קאלאניעס פון אונטערן יאך פון אימפעריאליזם.

פריער פלעגט געוויינלעך דער פרינציפ פון זעלבסטבאשטימונג פון די נאציעס אויסגעטייטשט ווערן ניט ריכטיג, ניט זעלטן פארשמעלערט ביזן רעכט פון די פעלקער אויף אויטאנאמיע. איניגע פירער פונם צווייטן אינטערנאציאנאל זיינען אפילו דערגאנגען דערצו, אז זיי האבן דאס רעכט אויף זעלבסטבאשטימונג פארוואנדלט אין רעכט אויף קולטורעלער אויטאנאמיע,

ד. ה. אין אַ רעכט פון די אונטערדריקטע נאַציעס צו האָבן זייערע אייגענע קולטור־אַנשטאַלטן, איבערלאָזנדיג די גאַנצע פּאָליטישע מאַכט אין די הענט פון דער הערשנדיגער נאַציע. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די אידייע פון זעלבסטבאַשטימונג האָט ריזיקירט פון אַ קאַמפס־געצייג געגן אַנעקסיעס צו ווערן אַ געצייג אויף באַרעכטיגן אַנעקסיעס. איצט דאַרף מען שוין דעם דאָזיגן פּלאָנטער האַלטן פאַר אַ בייגעקומענעם. דער לעניניזם האָט פאַרברייטערט דעם באַגריף פון זעלבסטבאַשטימונג, אויסטייטשנדיג אים אַלס דאָס רעכט פון די אונטערדריקטע פעלקער פון די אָפּהענגיגע לענדער און פון די קאָלאָניעס זיך אינגאַנצן אָפּצוטיילן, ווי דאָס רעכט פון די נאַציעס אויף זעלבסטשטענדיגער מלוכה׳ישער עקזיסטענץ. דערמיט גופא איז אויסגעשלאָסן געוואָרן די מעגלעכקייט פון באַרעכטיקן די אַנעקסיעס דורך דער אויסטייטשונג פונם רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג, ווי אַ רעכט אויף אויטאָנאָמיע. דער פּרינציפּ גופא פון זעלבסטבאַשטימונג איז אַזוי אַרום פון אַ געצייג אויף אָפּצונאַרן די מאַסן, ווי דאָס איז ער, אָן ספק, געווען אין די הענט פון די סאָציאַל־שאָוויניסטן אין דער צייט פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געצייג אויף דעמאַסקירן אַלע און אַלערליי אימפּעריאַליסטישע באַגערן און שאָוויניסטישע מאַכינאַציעס, אין אַ געצייג פון פּאָליטישער אויפקלערונג פון די מאַסן אין גייסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם.

פריער פלעגט די פראַגע וועגן די אונטערדריקטע נאַציעס געוויינלעך באַטראַכט ווערן ווי אַ ריין־רעכטלעכע פראַגע. פייערלעכע פּראָקלאַמירונג פון „נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיגונג", אומצייליגע דעקלאַראַציעס וועגן דער „גלייכהייט פון נאַציעס" — אָט מיט וואָס עס פלעגן זיך אָפּפּאַטערן די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע פלעגן פאַררייבן דעם פאַקט, אַז די „גלייכהייט פון נאַציעס" ביים אימפּעריאַליזם, ווען איין גרופּע נאַציעס (די מינדערהייט) לעבט פון עקספּלואַטירן אַ צווייטע גרופּע נאַציעס, — איז אַ חוזק איבער די אונטערדריקטע פעלקער. איצט דאַרף מען אָט־דעם בורזשואַז־רעכטלעכן שטאַנדפּונקט אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע האַלטן פאַר אַ דעמאַסקירטן. דער לעניניזם האָט אַראָפּגעצויגן די נאַציאָנאַלע פראַגע פון די הויכן פון מליצה׳דיגע דעקלאַראַציעס און זי אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד, דערקלערנדיג, אַז דעקלאַראַציעס וועגן דער „גלייכהייט פון נאַציעס", אויב זיי ווערן ניט באַקרעפטיגט מצד די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען דורך אַ דירעקטן שטיצן דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער, — זיינען זיי פּוסטע און פאַלשע דעקלאַראַציעס. דערמיט אַליין איז די פראַגע וועגן די אונטערדריקטע נאַציעס געוואָרן אַ פראַגע וועגן שטיצע, וועגן הילף, ווירקלעכער און באַשטענדיגער הילף פאַר די אונטערדריקטע נאַציעס אין זייער קאַמף מיטן אימפּעריאַליזם פאַר דער ווירקלעכער גלייכקייט פון נאַציעס, פאַר זייער זעלבסטשטענדיגער מלוכ׳שער עקזיסטענץ.

פריער פלעגט די נאַציאָנאַלע פראַגע באַטראַכט ווערן רעפאָרמיסטיש, ווי אַ באַזונדערע זעלבסטשטענדיגע פראַגע, אויסער יעדן צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער מאַכט פון קאַפּיטאַל, וועגן אַראָפּוואַרפן דעם אימפּעריאַליזם, וועגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. מען האָט שווייגנדיג זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער זיג פונם פּראָלעטאַריאַט אין אייראָפּע איז מעגלעך אָן אַ דירעקטער פאַרבינדונג מיט דער באַפרייאונגס־באַוועגונג אין די קאָלאָניעס, אַז די לייזונג פון דער נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלער פראַגע קאָן דורכגעפירט ווערן שטילערהייט, „פון זיך אַליין", אָן אַ זייט פונם גרויסן שליאַך פון דער

פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אָן אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף מיטן אימפּעריאַליזם. איצט דאַרף מען אָט־דעם אַנטי־רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפּונקט האַלטן פאַר אַ דעמאַסקירטן. דער לעניניזם האָט דערוויזן, און די אימפּעריאַליסטישע מלחמה און די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָבן באַשטעטיגט, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע קאָן געלייזט ווערן נאָר אין צוזאַמענהאַנג און אויפן באָדן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַז דער וועג פון זיג פון דער רעוואָלוציע אויפן מערב ליגט דורכן רעוואָלוציאָנערן פאַרבאַנד מיט דער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די קאָלאָניעס און אָפּהיינגיגע לענדער געגן דעם אימפּעריאַליזם. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַ טייל פון דער פראַגע וועגן דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

די פראַגע שטייט אַזוי: צי זיינען שוין אויסגעשעפּט אַלע רעוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען פאַראַן אין שויס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע לענדער, אָדער ניט — און אויב זיי זיינען ניט אויסגעשעפּט, צי איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַ גרונט אויסצונוצן די דאָזיגע מעגלעכקייטן פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, פאַרוואַנדלען די אָפּהיינגיגע און קאָלאָניאַלע לענדער פון אַ רעזערוו פאַר דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע אין אַ רעזערוו פאַרן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, אין דעם לעצטנ׳ס אַ פאַרבינדעטן?

דער לעניניזם ענטפערט אויף דער דאָזיגער פראַגע פּאָזיטיוו, ד. ה. אין גייסט פון אָנערקענען, אַז אין שויס פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע לענדער זיינען פאַראַן רעוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן, און אין גייסט פון אָנערקענען די מעגלעכקייט זיי אויסצונוצן צוליב די אינטערעסן פון שטירצן דעם אַלגעמיינעם שונא, צוליב די אינטערעסן פון שטירצן דעם אימפּעריאַליזם. די מעכאַניק פון דער אַנטוויקלונג פונם אימפּעריאַליזם, די אימפּעריאַליסטישע מלחמה און די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד באַשטעטיגן אינגאַנצן די אויספירן פונם לעניניזם אין דער הינזיכט.

דערפון שטאַמט די נויטווענדיגקייט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל אונטערשטיצן, אַנטשלאָסן און אַקטיוו אונטערשטיצן די נאַציאָנאַל־באַפרייערישע באַוועגונג פון די אונטערדריקטע און אָפּהיינגיגע פעלקער.

דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אונטערשטיצן יעדע נאַציאָנאַלע באַוועגונג, אומעטום און שטענדיג, אין אַלע באַזונדערע קאָנקרעטע פאַלן. עס רעדט זיך וועגן שטיצן אַזוינע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, וועלכע זיינען געווענדט אויף אָפּצושוואַכן, אַראָפּוואַרפן דעם אימפּעריאַליזם, און ניט אויף אים צו פאַרפעסטיגן און פאַרהיטן. עס טרעפן פאַלן, ווען די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון איינצעלנע אונטערדריקטע לענדער קומען אין צוזאַמענשטויס מיט די אינטערעסן פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַזוינע פאַלן קאָן אַפילו קיין רייד ניט זיין וועגן אונטערשטיצונג. די פראַגע וועגן די רעכט פון דער נאַציע איז ניט קיין איזאָלירטע, אינגאַנצן זעלבסטשטענדיגע פראַגע, נאָר אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, און דער דאָזיגער טייל איז אונטערגעוואָרפן אונטער דעם גאַנצן און פאָדערט באַטראַכט צו ווערן פון שטאַנדפּונקט פון אָט דעם גאַנצן. אין די 40־ער יאָרן פונם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז מאַרקס געווען פאַר דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון די פּאָליאַקן און אונגאַרן

און געגן דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון די טשעכן און דרום־סלאַוון. פאַר־וואָס? דערפאַר, ווייל די טשעכן און דרום־סלאַוון זיינען דעמאָלט געווען „רעאַקציאָנערע פעלקער", רוסישע פאָרפּאָסטנס פונם אבסאָלוטיזם, אין דער צייט ווען די פאָליאַקן און אונגארן זיינען געווען „רעוואָלוציאָנער פעלקער", וואָס האָבן געקעמפט געגן דעם אבסאָלוטיזם, דערפאַר, ווייל שטיצן די נאַ־ציאָנאַלע באַוועגונג פון די טשעכן און דרום־סלאַוון וואָלט דעמאָלט געהייסן אומדירעקט אונטערשטיצן דעם צאַריזם, דעם געפערלעכסטן שונא פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אייראָפּע.

„איינצעלנע פאָדערונגען פון דער דעמאָקראַטיע, — זאָגט לענין — צווישן זיי אויך די זעלבסטבאַשטימונג, זיינען ניט קיין אבסאָלוט, נאָר אַ טיילעכל פון דער אַלגעמיין־דעמאָקראַטישער (איצט אַלגעמיין־סאָציאַליסטי־שער) אַלוועלטלעכער באַוועגונג. מעגלעך, אַז אין איינצעלנע קאָנקרעטע פאַלן זאָל דער טייל ווידערשפּרעכן דעם גאַנצן, דעמאָלט דאַרף מען אים אָפּוואַרפן." (זע: „סאַכאַקלען פון דער דיסקוסיע", 19טער באַנד פון לענינ'ס ווערק.)

אזוי באַשטייט די זאַך מיט דער פראַגע וועגן איינצעלנע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, אויב, פאַרשטייט זיך, מע שאַצט זיי אָפּ ניט פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט, ניט פון שטאַנדפּונקט פון אבסטראַקטע רעכט, נאָר קאָנקרעט, פון שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

עס איז ניטאָ קיין צווייפל, אַז די געוואַלטיגע מערהייט נאַציאָנאַלע באַ־וועגונגען איז רעוואָלוציאָנער. די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערישקייט איז פּונקט אזוי פאַרהעלטניסמעסיג און אייגנאַרטיג, ווי פאַרהעלטניסמעסיג און אייגנ־אַרטיג עס איז די מעגלעכע רעאַקציאָנערישקייט פון איינינגע באַזונדערע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. דער רעוואָלוציאָנערער כאַראַקטער פון אַ נאַציאָ־נאַלער באַוועגונג אין דער אומגעבונג פון אימפּעריאַליסטישער אונטערדריקונג מיינט ניט פאָראויס, אַז אין דער באַוועגונג מוזן זיך דוקא אנטהאַלטן פּראָ־לעטאַרישע עלעמענטן, אַז עס מוז עקזיסטירן אַ רעוואָלוציאָנערע אָדער רעפּובליקאַנישע פּראָגראַם פון דער באַוועגונג, אַז די באַוועגונג מוז האָבן אַ דעמאָקראַטישן יסוד. דער קאַמף פונם אפגאַנישן עמיר פאַר דער אומאָפּ־הייננגיקייט פון אפגאַניסטאַן איז אָביעקטיוו אַ רעוואָלוציאָנערער קאַמף, ניט געקוקט אויפן מאָנאַרכיסטישן אַרט דענקען פונם עמיר און פון זיינע קעמפער, ווייל ער שוואַכט אָפּ, ליינגט פאַנאַנדער, צעעסט דעם קאַפּיטאַליזם, בשעת דער קאַמף פון אַזוינע „פאַרביסענע" דעמאָקראַטן און „סאָציאַליסטן" ווי, לאָמיר זאָגן, קערענסקי און צערעטעלי, רענאָדעל און שיידעמאַן, טשערנאָוו און דאַן, הענדערסאָן און קלאַינס אין דער צייט פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, איז געווען די באַפּוצונג, די פאַרפעסטיגונג, דער נצחון פונם אימ־פּעריאַליזם. דער קאַמף פון די עגיפּטישע סוחרים און אינטעליגענטן פאַר דער אומאָפּהיינגיגקייט פון עגיפּטן איז צוליב די זעלבע סיבות אַן אָביעקטיוו רעוואָלוציאָנערער קאַמף, ניט געקוקט אויף דער בורזשואַזער אָפּשטאַמונג און בורזשואַזן טיטל פון די פירער פון דער עגיפּטישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי זיינען געגן סאָציאַליזם, בשעת דער קאַמף פון דער ענגלישער אַרבעטער־רעגירונג פאַר פאַרהיטן די אָפּהיינגיגע לאַגע פון עגיפּטן איז צוליב די זעלבע סיבות אַ רעאַקציאָנערער קאַמף, ניט געקוקט אויף דער פּראָלעטאַרישער אָפּשטאַמונג און פּראָלעטאַרישן טיטל פון די מיט־גלידער פון דער דאָזיגער רעגירונג, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי זיינען

„פּאַרן" סאָציאַליזם. איך רייד שוין ניט וועגן דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון אַנדערע, גרעסערע קאָלאָניאַלע און אָפּהייִנגיגע לענדער, ווי אינדיע און כינע, וואָס יעדער טריט זייערער אויפן וועג צו זייער באַפרייאונג, ווען אַפילו ער איז עובר אויף די פאָדערונגען פון דער פאָרמעלער דעמאָקראַטיע, איז ער אַ קלאַפּ פון אַ דאַמף־האַמער איבערן אימפּעריאַליזם, ד. ה. אַ טריט, אָן ספק, אַ רעוואָלוציאָנערער.

לענין איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז די נאַציאָנאַלע באַוועגונג פון די אונטערדריקטע לענדער דאַרף מען אָפּשאַצן ניט פונם שטאַנדפּונקט פון פאָרמעלער דעמאָקראַטיע, נאָר פונם שטאַנדפּונקט פון פאַקטישע רעזולטאַטן אין דעם אַלגעמיינעם באַלאַנס פון קאַמף געגן אימפּעריאַליזם, ד. ה. „ניט איזאָלירט, נאָר אינם אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב". (זע אין זעלבינן אָרט.)

2. די באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער און די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. ביים לייזן די נאַציאָנאַלע פראַגע גייט דער לעניניזם אַרויס פון פאָלגנדיגע הנחות:

א) די וועלט איז צעטיילט אויף צוויי לאַגערן, אויף אַ לאַגער פון אַ הייפל ציוויליזירטע נאַציעס, וועלכע פאַרמאָגן פינאַנץ־קאַפּיטאַל און עקספּלואַטירן די גוואַלטיגע מערהייט פון דער באַפעלקערונג אויפן ערד־קוגל, און אַ לאַגער אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע פעלקער פון די קאָלאָניעס און אָפּהייִנגיגע לענדער, וועלכע בילדן די דאָזיגע מערהייט;

ב) די קאָלאָניעס און אָפּהייִנגיגע לענדער, וועלכע ווערן אונטערדריקט און עקספּלואַטירט דורכן פינאַנץ־קאַפּיטאַל, בילדן דעם גרעסטן רעזערוו און דעם סאַמע ערנסטן קוואַל פון כחות פאַרן אימפּעריאַליזם;

ג) דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער פון די אָפּהייִנגיגע און קאָלאָניאַלע לענדער געגן דעם אימפּעריאַליזם איז דער איינציגער וועג פאַר זייער באַפרייאונג פון אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע;

ד) די וויכטיגסטע קאָלאָניאַלע און אָפּהייִנגיגע לענדער זיינען שוין אַרויף אויפן וועג פון נאַציאָנאַל־באַפרייערישער באַוועגונג, וועלכער קאָן ניט ניט ברייננען צום קריזיס פון אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם;

ה) די אינטערעסן פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין די אַנטוויקלטע לענדער און פון דער נאַציאָנאַל־באַפרייערישער באַוועגונג אין די קאָלאָניעס פאָדערן, אַז די ביידע מינים רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג זאָלן פאַראייניגט ווערן אין איין אַלגעמיינעם פראָנט געגן דעם אַלגעמיינעם שונא, געגן דעם אימפּעריאַליזם;

ו) דער נצחון פונם אַרבעטער־קלאַס אין די אַנטוויקלטע לענדער און די באַפרייאונג פון די אונטערדריקטע פעלקער פון אונטערן יאָך פונם אימפּעריאַליזם איז אוממעגלעך אָן דער אויסבילדונג און פאַרפעסטיגונג פון אַן אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן פראָנט;

ז) די אויסבילדונג פון אַן אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן פראָנט איז אוממעגלעך אָן דער דירעקטער און אַנטשלאָסענער אונטערשטיצונג פון דער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער מצד דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקנדיגע נאַציעס געגן דעם „פאָטערלענדישן" אימפּעריאַליזם, ווייל „עס קאָן ניט פריי זיין אַ פאָלק, וואָס אונטערדריקט אַנדערע פעלקער" (מאַרקס);

ח) די דאָזיגע אונטערשטיצונג באַטייט — זיך איינשטעלן, פאַרטיידיגן,

דורכפירן אין לעבן דעם לאָזונג — רעכט פון נאַציעס אויף אָפּטיילן זיך, אויף אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה'שע עקזיסטענץ;

ט) אָן דער דורכפירונג פון דעם דאָזיגן לאָזונג איז אוממעגלעך איינ־שטעלן ווי געהעריג די פאַראייניגונג און מיטאַרבעט פון די נאַציעס אין דער איינהייטלעכער פאָלקס־ווירטשאַפט, וועלכע בילדעט די מאַטעריעלע באַזע פאַרן נצחון פונם סאָציאַליזם;

י) די דאָזיגע פאַראייניגונג קאָן זיין נאָר אַ פרייוויליגע, וואָס זאָל אַנט־שטיין אויפן גרונט פון געגנזייטיגן צוטרוי און ברידערלעכע געגנזייטיגע פאַרהעלטענישן פון די פעלקער.

דערפון שטאַמען צוויי זייטן, צוויי טענדענצן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע: אַ טענדענץ צו פּאָליטישער באַפרייאונג פון די אימפּעריאַליסטישע קייטן און צו דער אויסבילדונג פון אַ זעלבסטשטענדיגער נאַציאָנאַלער מלוכה, אַ טענדענץ, וועלכע איז אַנטשטאַנען אויפן גרונט פון דער אימפּעריאַליסטי־שער אונטערדריקונג און פון דער קאָלאָניאַלער עקספּלואַטאַציע, — און אַ טענדענץ צו ווירטשאַפטלעכער דערנענטערונג פון די נאַציעס, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויסבילדונג פונם וועלט־מאַרק און פון דער וועלט־ווירטשאַפט.

„קאַפּיטאַליזם וואָס האַלט זיך אין אַנטוויקלען, — זאָגט לענין, — ווייס פון צוויי היסטאָרישע טענדענצן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. די ערשטע — דאָס איז די דערוואַכונג פון נאַציאָנאַלן לעבן און פון נאַציאָנאַלע באַ־וועגונגען, דער קאַמף געגן יעטווידער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, די באַ־שאַפונג פון נאַציאָנאַלע מלוכות. די צווייטע — דאָס איז די אַנטוויקלונג און פאַרשנעלערונג פון אַלערליי באַציאונגען צווישן די נ[illegible]ציעס, דאָס צעברעכן פון נאַציאָנאַלע צוימען, דאָס באַשאַפן פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער איינהייט־לעכקייט פון קאַפּיטאַל, פון עקאָנאָמישן לעבן בכלל, פון דער פּאָליטיק, וויסנשאַפט א. אַז. וו. ביידע טענדענצן זיינען אַן אַלוועלטלעכער געזעץ פונם קאַפּיטאַליזם; די ערשטע דאָמינירט אין אָנהויב פון זיין אַנטוויקלונג, די צווייטע כאַראַקטעריזירט דעם רייפן קאַפּיטאַליזם, וועלכער גייט פאַרוואַנדלט ווערן אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.“ (זע: „קריטישע באַמערקונ־גען“, 19טער באַנד פון לענינ'ס ווערק.)

פאַרן אימפּעריאַליזם זיינען די דאָזיגע צוויי טענדענצן אומלייזבאַרע ווידערשפּרוכן, ווייל דער אימפּעריאַליזם קאָן ניט לעבן אָן עקספּלואַטירן און איינהאַלטן מיט געוואַלט די קאָלאָניעס אין די ראַמען פון אַן „איינהייטלעכן גאַנצן“, ווייל דער אימפּעריאַליזם קאָן דערנענטערן די נאַציעס נאָר דורך אַנעקסיעס און קאָלאָניאַלע גזלות, וואָס אָן דעם איז ער, בכלל גערעדט, ניט דענקבאַר.

פאַרן קאָמוניזם, פאַרקערט, זיינען די דאָזיגע טענדענצן בלויז צוויי זייטן פון איין זאַך — די זאַך פון באַפרייען די אונטערדריקטע פון אונטערן יאָך פון אימפּעריאַליזם, ווייל דער קאָמוניזם ווייסט, אַז די פאַראייניגונג פון די פעלקער אין אַן איינהייטלעכער וועלט־ווירטשאַפט איז מעגלעך בלויז אויפן באַזיס פון געגנזייטיגן צוטרוי און פרייוויליגן אויסגלייך, אַז דער וועג פאַר דער אויסבילדונג פון אַ פרייוויליגער פעלקער־פאַראייניגונג גייט דורך אָפּ־טיילן די קאָלאָניעס פונם „איינהייטלעכן“ אימפּעריאַליסטישן גאַנצן, דורך זייער פאַרוואַנדלונג אין זעלבסטשטענדיגע מלוכות.

דערפון נעמט זיך די נויטווענדיגקייט פון אַן איינגעשפּאַרטן, אומ־

אויפהערלעכן, אַנטשלאָסענעם קאַמף מיטן גרויסמאַכטישן שאָוויניזם פון די „סאָציאַליסטן” פון די הערשנדיגע נאַציעס (ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקע, איטאַליע, יאַפּאַן א. אַנד.), וואָס ווילן ניט קעמפן מיט זייערע אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען, ווילן ניט אונטערהאַלטן דעם קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער פון „זייערע” קאָלאָניעס פאַר דער באַפרייאונג פון דער אונטערדריקונג, פאַר דער מלוכה'שער אָפּטיילונג.

אָן אַזאַ קאַמף איז אומדענקבאַר די דערציאונג פונם אַרבעטער־קלאַס פון די הערשנדיגע נאַציעס אין גייסט פון ווירקלעכן אינטערנאַציאָנאַליזם, אין גייסט פון דערנענטערונג מיט די אַרבעטנדיגע מאַסן פון די אָפּהייניגע לענדער און קאָלאָניעס, אין גייסט פון ווירקלעכער צוגרייטונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וואָלט ניט געזיגט, און קאָלטשאַק מיט דעניקינ'ען וואָלטן ניט צעקלאַפּט געוואָרן, ווען דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט זאָל ניט געווען האָבן קיין מיטגעפיל און אונטערשטיצונג מצד די אונטערדריקטע פעלקער פון דער געוועזענער רוסלענדישער אימפּעריע. כדי אָבער צו דעראָבערן דעם מיטגעפיל און אונטערשטיצונג פון די דאָזיגע פעלקער, האָט ער פריער פאַר אַלץ געמוזט צעקלאַפּן די קייטן פונם רוסישן אימפּעריאַליזם און באַפרייען די דאָזיגע פעלקער פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. אָן דעם וואָלט אוממעגלעך געווען צו פאַרפעסטיגן די סאָוועטן, איינפירן אַ ווירקלעכן אינטערנאַציאָנאַליזם און באַשאַפן די מערקווירדיגע אָרגאַניזאַציע פון פעלקער־קאָאָפּעראַציע, וועלכע רופט זיך „פאַרבאַנד פון סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן” און וועלכע איז אַ לעבעדיג פאָרבילד פון דער צוקונפטיגער פעלקער־פאַראייניגונג אין איין איינהייטלעכער אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט.

דערפון שטאַמט די נויטווענדיגקייט צו פירן אַ קאַמף געגן דער נאַציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקייט, שמאָלקייט, אָפּגעזונדערטקייט פון די סאָציאַליסטן פון די אונטערדריקטע לענדער, וועלכע ווילן זיך ניט שטעלן העכער פון זייער נאַציאָנאַלן קלייזל און פאַרשטייען ניט דעם צוזאַמענבונד צווישן דער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון זייער לאַנד מיט דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג פון די הערשנדיגע לענדער.

אָן אַזאַ קאַמף איז אומדענקבאַר אויסצופירן אַ זעלבסטשטענדיקע פּאָליטיק פונם פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקטע נאַציעס און זיין קלאַסן־סאָלידאַריטעט מיטן פּראָלעטאַריאַט פון די הערשנדיגע לענדער אין קאַמף פאַרן אַראָפּוואַרפן דעם אַלגעמיינעם שונא — אין קאַמף פאַרן אַראָפּוואַרפן דעם אימפּעריאַליזם, — אָן אַזאַ קאַמף וואָלט דער אינטערנאַציאָנאַליזם געווען אוממעגלעך.

אָט דאָס איז דער וועג אויף צו דערציען די אַרבעטנדיגע מאַסן פון די הערשנדיגע און אונטערדריקטע נאַציעס אין גייסט פון רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַליזם.

אָט וואָס עס זאָגט לענין וועגן דער דאָזיגער צוויי־זייטיגער אַרבעט פונם קאָמוניזם אויף צו דערציען די אַרבעטער אין גייסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם:

„צי קאָן די דאָזיגע דערציאונג זיין קאָנקרעט איינע און די זעלביגע ביי גרויסע און אונטערדריקנדיגע נאַציעס און ביי נאַציעס קליינינקע, אונטערדריקטע, ביי נאַציעס, וואָס דעראָבערן, און ביי נאַציעס, וואָס זיינען געווען דעראָבערט?

„ס'איז קלאָר, אַז ניט. דער וועג צו איין ציל: צו דער פולער גלייכ־

באַרעכטיקונג צו דער איינגסטער דערנענטערונג און ווייטערדיקער צונויפ־גיסונג פון אַלע נאַציעס גייט דאָ, ווי ס'איז קלאָר, מיט צוויי קאָנקרעטע וועגן, — אַלץ איינס, ווי דער וועג, לאָמיר זאָגן, צו אַ פּונקט, וועלכער געפינט זיך אין מיטן פון אַ געוויסן פּלאַץ, גייט פון לינקס פון איין זייט, און פון רעכטס — פּונקט פון דער פאַרקערטער זייט. אויב אַ סאָציאַליסט פון אַ גרויסער, עקספּלואַטירנדיגער, אַנעקסירנדיגער נאַציע, זייענדיג בכלל אַן אָנהייגער פון דער צונויפגיסונג פון נאַציעס, זאָל כאָטש אויף איין מינוט פאַרגעסן, אַז „זיין" ניקאָלאַי דער צווייטער, „זיין" ווילהעלם דער צווייטער, דזשאָרדזש, פּואַנקאַרע, א. אַז. וו. זיינען אויך פאַר „צונויפגיסונג" מיט די קליינע נאַציעס (דורך אַנעקסיעס), ניקאָלאַי — פאַר „צונויפגיסונג" מיט גאַליציע, ווילהעלם — פאַר „צונויפגיסונג" מיט בעלגיע, א. אַז. וו. — וועט זיך אַזאַ סאָציאַליזם אַרויסווייזן פאַר אַ לעכערלעכן דאָקטרינער אין דער טעאָריע, פאַר אַ מיט־העלפער פון אימפּעריאַליזם אין דער פּראַקטיק.

„דער שווערפּונקט פון דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער דערציאונג פון די אַרבעטער אין די אונטערדריקנדיגע לענדער דאַרף אומבאַדינגט באַשטיין אין פּריידיגן און פאַרטיידיגן די פרייהייט פון איינצלנע אונטערדריקטע לענ־דער. אָן דעם איז ניטאָ קיין אינטערנאַציאָנאַליזם. מיר האָבן דאָס רעכט און זיינען מחויב צו באַהאַנדלען יעדן סאָציאַליסט פון אַן אונטערדריקנדיגער נאַציע, וועלכער פירט ניט אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע, ווי אַן אימפּעריאַליסט און מנובל. דאָס איז אַן אומבאַדינגטע פאָדערונג, ווען אפילו דער פאַל פון אָפּ־טיילן זיך וואָלט מעגלעך און אויספירלעך געווען ביזן סאָציאַליזם נאָר אין איין פאַל פון טויזנט.

„פאַרקערט, אַ סאָציאַליסט פון אַ קליינער נאַציע דאַרף דעם שווער־פּונקט פון זיין אַגיטאַציע לייגן אויפן צווייטן וואָרט פון אונזער אַלגעמיינער פאָרמול: „פרייוויליגע פאַראייניגונג" פון די נאַציעס. ניט איבערטרעטנדיג זיינע פליכטן אַלס אינטערנאַציאָנאַליסט, קאָן ער ניט זיין סיי פאַר דער פּאָ־ליטישער אומאָפּהייניגקייט פון זיין נאַציע, סיי פאַר דעם, אַז זי זאָל איינ־געשלאָסן ווערן אין דער שכנ'ישער מלוכה. אָבער אין אַלע פאַלן דאַרף ער קעמפן געגן דער קליינלעך־נאַציאָנאַלער שמאָלקייט, איינגעשלאָסנקייט, אָפּ־געזונדערטקייט, פאַר אינזינען האָבן דאָס גאַנצע, אַלגעמיינע, פאַר אונטער־וואַרפן די אינטערעסן פונם פּרט אונטער די אינטערעסן פונם כלל.

„מענטשן, וועלכע האָבן זיך ניט אַריינגעטראַכט אין דער פראַגע, האַלטן פאַר אַ „ווידערשפּרוך", וואָס סאָציאַליסטן פון אונטערדריקנדיקע נאַציעס פאַר־טיידיגן די „פרייהייט פון אָפּטיילן זיך", און סאָציאַליסטן פון אונטערדריקטע נאַציעס פאַרטיידיגן די „פרייהייט פון פאַראייניגן זיך". אָבער אַ קליינע באַטראַכטונג באַווייזט, אַז קיין אַנדער וועג צום אינטערנאַציאָנאַליזם און צו דער צונויפגיסונג פון די נאַציעס. קיין אַנדער וועג צו דעם ציל פון דער געגעבענער לאַגע איז ניטאָ און קאָן ניט זיין." (זע: „סך־הכל'ען פון דער דיסקוסיע", 19טער באַנד פון לענינ'ס ווערק.)

## זיבעטע לעקציע

# סטראַטעגיע און טאַקטיק

פון דער טעמע נעם איך זעקס פראגן: א) סטראטעגיע און טאקטיק אלס וויסנשאפט וועגן דער אנפירונג מיטן קלאסנקאמף פון פראלעטאריאט; ב) עטאפן פון רעוואלוציע און סטראטעגיע; ג) צופלוסן און אפפלוסן פון דער באוועגונג און סטראטעגיע; ד) סטראטעגישע אנפירונג; ה) טאקטישע אנפירונג; ו) רעפארמיזם און רעוואלוציאניזם.

1. סטראַטעגיע און טאַקטיק, אַלס וויסנשאַפט וועגן דער אַנפירונג מיטן קלאַסנקאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. דער פּעריאָד פון דער הערשאפט פונם צווייטן אינטערנאציאנאל איז געווען א פּעריאָד הויפּטזאכלעך פון אויס־פאָרמירן און אויסלערנען די פּראָלעטארישע ארמייען אין דער אומגעבונג פון א מער אָדער ווייניגער פרידלעכער אנטוויקלונג. דאָס איז געווען א פּעריאָד פון פּארלאמענטאריזם, ווי די דאָמינירנדיגע פאָרם פון קלאסנקאמף. די פראגן וועגן גרויסע קלאסן־צוזאמענשטויסן, וועגן דער צוגרייטונג פונם פּראָלעטאריאט צו רעוואָלוציאָנערע געראנגלען, וועגן די וועגן אויף צו דער־אָבערן די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט זיינען דעמאָלט, ווי עס האָט זיך געדאכט, ניט געשטאנען אויפן טאָג־אָרדענונג. די אויפגאבע האָט מען געזען אין אויסנוצן אלע וועגן פון לעגאלער אנטוויקלונג מיטן צוועק צו בילדן און אנטוויקלען די פּראָלעטארישע ארמייען, אויסנוצן דעם פּארלאמענטאריזם, צוגעפּאסט צו די באדינגונגען, ביי וועלכע דער פּראָלעטאריאט פלעגט בלייבן, און, ווי עס האָט זיך געדאכט, האָט געדארפט פארבלייבן אין דער לאגע פון אן אָפּאָזיציע. אָסור אויב מען דארף דערווייזן, אז אין אזא פּעריאָד און ביי אזא פארשטיין די אויפגאבן פון דעם פּראָלעטאריאט האָט ניט געקאָנט זיין ניט קיין אויסגעהאלטענע סטראטעגיע, ניט קיין פאנאנדערגעארבעטע טאקטיק. עס זיינען געווען ברעקלעך, איינצלנע געדאנקען וועגן טאקטיק און סטראטעגיע, אָבער קיין טאקטיק און סטראטעגיע איז ניט געווען.

די גרויסע זינד פון צווייטן אינטערנאציאָנאל באשטייט ניט דערין, וואָס ער האָט אין זיין צייט דורכגעפירט די טאטיק פון אויסנוצן די פּאר־לאמענטארישע פאָרמען פון קאמף, נאָר דערין, וואָס ער האָט איבערגעשאצט די באדייטונג פון די דאָזיגע פאָרמען, האלטנדיג זיי שיר ניט פאר די איינ־ציגע, און ווען עס איז געקומען דער פּעריאָד פון אָפענע רעוואָלוציאָנערע געראנגלען, און די פראגע וועגן די אויסערפּארלאמענטארישע פאָרמען פון קאמף איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער ערשטער ריי, האָבן זיך די פּאר־טייען פון צווייטן אינטערנאציאנאל אָפּגעקערט פון די נייע אויפגאבן, האָבן די דאָזיגע אויפגאבן ניט אָנגענומען.

ערשט אין פאָלגנדיגן פּעריאָד, אין פּעריאָד פון אָפענע ארויסטרעטונגען פונם פּראָלעטאריאט, אינם פּעריאָד פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע, ווען די פראגע וועגן אראָפּווארפן די בורזשואזיע איז געוואָרן א פראגע פון דירעקטער פּראקטיק, ווען די פראגע וועגן די רעזערוון פונם פּראָלעטאריאט

(סטראַטעגיע) איז געוואָרן איינע פֿון די צאַפּלדיגסטע פֿראַגן, ווען אַלע פֿאָרמען פֿון קאַמף און אָרגאַניזאַציע — סיי די פּאַרלאַמענטאַרישע, סיי די אויסערפּאַרלאַמענטאַרישע (טאַקטיק) — זיינען קלאָר געוואָרן מיט דער פֿולער באַשטימטקייט, — ערשט אין דעם פּעריאָד האָבן געקאָנט אויסגעאַרבעט ווערן אַן אויסגעהאַלטענע סטראַטעגיע און אַ פֿאַנאַנדערגעאַרבעטע טאַקטיק פֿאַרן קאַמף פֿונם פּראָלעטאַריאַט. די געניאַלע געדאַנקען פֿון מאַרקס'ן און ענגעלס'ן וועגן טאַקטיק און סטראַטעגיע, וועלכע זיינען פֿאַרמויערט געוואָרן דורך די אָפּאָרטוניסטן פֿונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט לענין אַרויסגעשלעפּט אויף גאָט'ס וועלט גראָד אין דעם דאָזיגן פּעריאָד. לענין האָט זיך אָבער ניט באַגנוגנט מיטן צוריקאויפֿשטעלן די באַזונדערע טאַקטישע טעזיסן פֿון מאַרקס'ן און ענגעלס'ן. ער האָט זיי אַנטוויקלט ווייטער און דערגאַנצט מיט נייע געדאַנקען און טעזיסן, פֿאַראייניגנדיג דאָס אַלץ אין איין סיסטעם פֿון כּללים און אָנפֿירנדיגע פּרינציפּן ווי אָנצופֿירן מיטן קלאַסנקאַמף פֿונם פּראָלעטאַריאַט. אַזוינע בראָשורן לענינ'ס, ווי „וואָס זאָל מען טאָן?", „צוויי טאַקטיקעס", „אימפּעריאַליזם", „מלוכה און רעוואָלוציע" „די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע", „די קינדערשע קרענק", וועלן אָן ספק אַריין ווי די ווערטפֿולסטע ביישטייערן צום אַלגעמיינעם אוצר פֿון מאַרקסיזם, אין זיין רעוואָלוציאָנערן אַרסענאַל. די סטראַטעגיע און טאַקטיק פֿונם לעניניזם — דאָס איז אַ וויסנשאַפֿט וועגן דער אָנפֿירונג מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פֿונם פּראָלעטאַריאַט.

2. עטאַפּן פֿון רעוואָלוציע און סטראַטעגיע. סטראַטעגיע הייסט — באַשטימען וואוהין עס זאָל פֿאַלן דער הויפּט קלאַפּ פֿונ'ם פּראָלעטאַריאַט אינ'ם געגעבענעם עטאַפּ פֿון דער רעוואָלוציע, אויסאַרבעטן דעם געהעריגן פּלאַן פֿון דעם פֿאַנאַנדערשטעל פֿון די רעוואָלוציאָנערע כּחות (די ערשטע און די צווייטע רעזערוון), דער קאַמף פֿאַר דורכפֿירן דעם דאָזיגן פּלאַן אויף דעם גאַנצן דויער פֿונ'ם געגעבענעם עטאַפּ פֿון דער רעוואָלוציע.

אונזער רעוואָלוציע האָט שוין איבערגעלעבט צוויי עטאַפּן און איז נאָך דער אָקטיאַבער־איבערקערעניש אַריינגעטראָטן אינ'ם דריטן עטאַפּ. צוגעפּאַסט דערצו האָט זיך געביטן אויך די סטראַטעגיע.

ערשטער עטאַפּ. 1903 יאָר — פֿעברואַר 1917 יאָר. דער ציל — אַראָפּוואַרפֿן דעם צאַריזם, ליקווידירן אינגאַנצן די רעשטן פֿון מיטעלאַלטער. די גרונט־קראַפֿט פֿון דער רעוואָלוציע — דער פּראָלעטאַריאַט. דער נאָענטסטער רעזערוו — דאָס פּויערטום. די ריכטונג פֿונם הויפּט־קלאַפּ: איזאָלירן די ליבעראַל־מאָנאַרכיסטישע בורזשואַזיע, וועלכע סטאַרעט זיך צו באַהערשן דאָס פּויערטום און ליקווידירן די רעוואָלוציע דורך אַן אָפּמאַך מיט דעם צאַריזם. דער פּלאַן פֿון דעם פֿאַנאַנדערשטעל פֿון די כּחות: פֿאַרבאַנד פֿונם אַרבעטער־קלאַס מיטן פּויערטום. „דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף דורכפֿירן ביזן סוף די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש, פֿאַראייניגנדיג צו זיך די מאַסע פּויערטום, כּדי מיט געוואַלט צו דערשטיקן דעם ווידערשטאַנד פֿון דער זעלבסטהערשונג און פּאַראַליזירן די ניט־שטאַנדהאַפֿטיגקייט פֿון דער בורזשואַזיע." (זע: „צוויי טאַקטיקעס".)

צווייטער עטאַפּ. מערץ 1917 יאָר—אָקטאָבער 1917 יאָר. דער ציל — אַראָפּוואַרפֿן דעם אימפּעריאַליזם אין רוסלאַנד און אַרויסגיין פֿונם אימפּעריאַליסטישן קריג. די גרונט־קראַפֿט פֿון דער רעוואָלוציע — דער פּראָלעטאַריאַט. דער נאָענטסטער רעזערוו — דאָס אָרעמסטע פּויערטום. דער פּראָלעטאַריאַט

פֿון די שכנ׳ישע לענדער — אַלס וואַרשיינלעכער רעזערוו. די פֿאַרצויגענע מלחמה און דער קריזיס פֿון אימפּעריאַליזם — אַלס גינסטיגער מאָמענט. די ריכטונג פֿונם גרונט־קלאַפּ: איזאָלירן די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע (די מענשעוויקעס, עס־ערן), וועלכע באַמיט זיך צו באַהערשן די אַרבעטנדיגע מאַסן פֿון דעם פּויערטום און ענדיגן די רעוואָלוציע דורך אַן אויסגלייך מיטן אימפּעריאַליזם. דער פּלאַן פֿון דעם פֿאַנאַנדערשטעל פֿון די כחות: פֿאַרבאַנד פֿונם פּראָלעטאַריאַט מיטן אָרעמסטן פּויערטום. „דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף דורכמאַכן די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש, פֿאַראייניגנדיג צו זיך די מאַסן, האַלב־פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פֿון דאָרף, כדי מיט געוואַלט צו צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פֿון דער בורזשואַזיע און פּאַראַליזירן די ניטשטאַנדהאַפֿטיגקייט פֿונם פּויערטום און פֿון דער קליין־בורזשואַזיע.״ (זע אין זעלביגן ווערק.)

דריטער עטאַפּ. אָנגעהויבן האָט ער זיך ערשט נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש. דער ציל — פֿאַרפֿעסטיגן די דיקטאַטור פֿונם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד, אויסנוצנדיג זי ווי אַ שטיצפּונקט אויף אַראָפּצוּוואַרפֿן דעם אימפּעריאַליזם אין אַלע לענדער. די רעוואָלוציע גייט אַריבער די ראַמען פֿון איין לאַנד, עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פֿון דער וועלט־רעוואָלוציע. די גרונט־כחות פֿון דער רעוואָלוציע: די דיקטאַטור פֿונם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פֿונם פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער. די הויפּט־רעזערוון: די האַלב־פּראָלעטאַרישע און קליין־פּויערשע מאַסן אין די אַנטוויקלטע לענדער, די באַפֿרייאונגס־באַוועגונג אין די קאָלאָניעס און אָפּהייִנגיגע לענדער. די ריכטונג פֿונם גרונט־קלאַפּ: איזאָלירן די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע, איזאָלירן די פּאַרטייען פֿון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע בילדן די גרונט־שטיצע פֿאַר דער פּאָליטיק פֿון אויסגלייך מיטן אימפּעריאַליזם. דער פּלאַן פֿון דעם פֿאַנאַנדערשטעל פֿון די כחות: פֿאַרבאַנד פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע מיט דער באַפֿרייאונגס־באַוועגונג פֿון די קאָלאָניעס און אָפּהייִנגיגע לענדער.

די סטראַטעגיע האָט צו טאָן מיט די גרונט־כחות פֿון דער רעוואָלוציע און מיט אירע רעזערוון. זי בייט זיך אין צוזאַמענהאַנג מיטן איבערגאַנג פֿון דער רעוואָלוציע פֿון איין עטאַפּ צום אַנדערן, פֿאַרבלייבנדיג אין גרונט אומגעענדערט פֿאַרן גאַנצן פּעריאָד פֿונם געגעבענעם עטאַפּ.

3. די צופֿלוסן און אָפּפֿלוסן פֿון דער באַוועגונג און די טאַקטיק. טאַקטיק הייסט — באַשטימען די אויספֿירונגס־ליניע פֿונם פּראָלעטאַריאַט פֿאַר אַ פֿאַרהעלטנישמעסיג קורצן פּעריאָד פֿון צופֿלוס אָדער אָפּפֿלוס פֿון דער באַוועגונג, אויפֿשטייג אָדער ירידה פֿון דער רעוואָלוציע. דער קאַמף פֿאַר דורכפֿירן די דאָזיגע ליניע דורך פֿאַרבייטן די אַלטע פֿאָרם פֿון קאַמף און אָרגאַניזאַציע אויף נייע, דורך צונויפֿפּאָרן די דאָזיגע פֿאָרמען א. אַז. וו. אויב די סטראַטעגיע האָט דעם צוועק צו געווינען די מלחמה, לאָמיר זאָגן, מיטן צאַריזם אָדער מיט דער בורזשואַזיע, דערפֿירן ביזן סוף דעם קאַמף מיטן צאַריזם אָדער מיט דער בורזשואַזיע, — שטעלט זיך די טאַקטיק ווייניגער וועזנטלעכע צילן, ווייל זי שטרעבט ניט צו געווינען די מלחמה אינגאַנצן גענומען, נאָר די אָדער יענע געפֿעכטן, די אָדער יענע שלאַכטן, מיט דערפֿאָלג דורכפֿירן די אָדער יענע קאַמפּאַניעס, די אָדער יענע אַרויסטרעטונגען, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט צו דער קאָנקרעטער סיטואַציע אינם פּעריאָד פֿונם געגעבענעם אויפֿשטייג אָדער אַראָפּפֿאַל פֿון דער רעוואָלוציע. טאַקטיק איז אַ טייל פֿון סטראַטעגיע, וואָס איז אונטער איר אונטערגעוואָרפֿן, וואָס באַדינט זי.

די טאַקטיק בייט זיך אָפּהייִנגיג פון די צופלוסן און אָפּפלוסן. אין דער צייט, ווען דער סטראַטעגישער פּלאַן אינם פּעריאָד פונם ערשטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע (1903—פעברואַר, 1917) איז געבליבן אָן ענדערונגען, האָט זיך די טאַקטיק פאַר דער צייט געביטן עטלעכע מאָל. אינם פּעריאָד פון 1903—1905 יאָרן איז די טאַקטיק פון דער פּאַרטיי געווען אָן אָנגרייפערישע, ווייל דאָס איז געווען די צופלוס־צייט פון דער רעוואָלוציע, די באַוועגונג איז געגאַנגען באַרג־אַרויף, און די טאַקטיק האָט געדאַרפט אַרויסגיין פון דעם פאַקט. אין הסכם דערמיט זיינען אויך די פאָרמען פון קאַמף געווען רעוואָלוציאָנערע, וואָס אַנטשפּרעכן די פאָדערונגען פונם צופלוס פון דער רעוואָלוציע. אָרטיגע פּאָליטישע סטרייקס, פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס, אַלגעמיינער פּאָליטישער סטרייק, באָיקאָט פון דער דומע, אויפשטאַנד, רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען פון שלאַכט, — דאָס זיינען איינע נאָך דער אַנדערער די קאַמפּס־פאָרמען פאַר דעם דאָזיגן פּעריאָד. אין צוזאַמענהאַנג מיט די קאַמפּס־פאָרמען האָבן זיך דאַן אומגעענדערט אויך די פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע. פאַבריק־זאַוואָדישע קאָמיטעטן, פּויערשע רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן, סטרייק־קאָמיטעטן, סאָוועטן פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן, אַ מער אָדער ווייניגער אָפענע אַרבעטער־פּאַרטיי, — אָט דאָס זיינען די פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע פאַר דעם דאָזיגן פּעריאָד.

אינם פּעריאָד פון די יאָרן 1907—1912 איז די פּאַרטיי געצוואונגען געווען אַריבערצוגיין צו דער טאַקטיק פון צוריקטריט, ווייל מיר האָבן דאַן געהאַט אַ ירידה פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַן אָפּפלוס פון רעוואָלוציע,, און די טאַקטיק האָט זיך ניט געקאָנט ניט רעכענען מיט דעם פאַקט. צוגעפּאַסט דערצו האָבן זיך געענדערט אויך די פאָרמען פון קאַמף, פונקט ווי די פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע. אָנשטאָט דעם באָיקאָט פון דער דומע — דער אָנטייל אין דער דומע, אָנשטאָט אָפענע אויסער־דומישע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען — אַרויסטרעטונגען אין דער דומע און אַרבעט אין דער דומע, אָנשטאָט אַלגעמיינע פּאָליטישע סטרייקס, טיילווייז עקאָנאָמישע סטרייקס אָדער פּשוט'ער שטילשטאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז די פּאַרטיי האָט פאַר דעם דאָזיגן פּעריאָד געמוזט אַוועק אין דער אונטערערד, די מאַסאָווע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס ווידער זיינען פאַרביטן געוואָרן אויף קולטורעל־אויפקלערערישע, קאָאָפּעראַטיווע, פאַרזיכערונגס־אָרגאַניזאַציעס און אַנדערע לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס.

דאָס זעלביגע דאַרף מען זאָגן אויך וועגן דעם צווייטן און דריטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע, וואָס אין פאַרלויף פון זיי האָט זיך די טאַקטיק געביטן צענדליגער מאָל. אין דער צייט ווען די סטראַטעגישע פּלענער זיינען געבליבן אומגעענדערט.

די טאַקטיק האָט צו טאָן מיט פאָרמען פון קאַמף און פון אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט, מיט זייער בייטן זיך, זייער צונויפּאָרונג. אויפן גרונט פונם געגעבענעם עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע קאָן זיך די טאַקטיק בייטן עטלעכע מאָל, אָפּהייִנגיג פון די צופלוסן און אָפּפלוסן, פונם אויפשטייג און ירידה פון דער רעוואָלוציע.

4. סטראַטעגישע אָנפירונג. רעזערוון פון דער רעוואָלוציע קאָנען זיין:

ערשטנס, דירעקטע: א) דאָס פויערטום און בכלל די איבערגאַנג־שיכטן פונם אייגענעם לאַנד; ב) דער פּראָלעטאַריאַט פון די שכנ'ישע לענדער; ג) די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין די קאָלאָניעס און אָפּהייִנגיגע לענדער;

ד) די דעראָבערונגען און דערגרייכונגען פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, — וואָס פון אַ טייל פון זיי קאָן זיך דער פּראָלעטאַריאַט צייטווייליג אָפּזאָגן, איבערלאָזנדיג פאַר זיך דעם איבערוואָג פון כחות, כדי אונטערצוקויפן דעם שטאַרקן געגנער און באַקומען אַ מעגלעכקייט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם.

צווייטנס, אומדירעקטע: אַ) די געגנזאַצן און קאָנפליקטן צווישן די ניט־פּראָלעטאַרישע קלאַסן פונם אייגענעם לאַנד, וואָס קאָנען אויסגענוצט ווערן דורכן פּראָלעטאַריאַט אויף אָפּצושוואַכן דעם געגנער, אויף צו פאַרשטאַרקן די אייגענע רעזערוון; ב) געגנזאַצן, קאָנפליקטן און מלחמות (למשל, די אימפּעריאַליסטישע מלחמה) צווישן די בורזשואַזע מלוכות, וועלכע זיינען פיינטלעך צו דער פּראָלעטאַרישער מלוכה, וואָס קאָנען אויסגענוצט ווערן דורכן פּראָלעטאַריאַט אין דער צייט פון זיין אָנגריף אָדער ווען ער מאַנעווירט אין פאַל פון אַ געצוואונגענעם צוריקטריט.

וועגן די רעזערוון פון ערשטן מין לוינט ניט קיין סך צו ריידן, ווייל זייער באַדייטונג איז פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען און פאַר יעדן. וואָס איז שייך די רעזערוון פון צווייטן מין, וואָס זייער באַדייטונג איז ניט שטענדיג קלאָר, דאַרף מען זאָגן, אַז זיי האָבן אָפטמאָל אַן ערשטקלאַסיגע באַדייטונג פאַרן גאַנג פון דער רעוואָלוציע. עס איז שווער אָפּצולייקענען די גוואַלטיגע באַדייטונג, למשל, פון דעם קאָנפליקט צווישן דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע (די עס־ערן) און דער ליבעראַל־מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע (די קאַדעטן) אין דער ערשטער רעוואָלוציע און נאָך איר, וואָס האָט אָן ספק געשפּילט אַזאַ ראָלע אין באַפרייען דאָס פויערטום פון אונטער דער ווירקונג פון דער בורזשואַזיע. נאָך ווייניגער גרונטן איז פאַראַן אָפּצולייקענען די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון דער מלחמה אויף לעבן און טויט צווישן די גרונטגרופּן פון די אימפּעריאַליסטן, אינם פּעריאָד פון דער אָקטאָבער־איבערקערעניש, ווען די אימפּעריאַליסטן, פאַרנומענע מיט מלחמה צווישן זיך, האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו קאָנצענטרירן די כחות געגן דער יונגער סאָוועטן־מאַכט, און דער פּראָלעטאַריאַט האָט גראָד דעריבער באַקומען די מעגלעכקייט צו נעמען זיך דירעקט פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון זיינע כחות, פאַר דער פאַרפעסטיגונג פון זיין מאַכט, און צוגרייטן די פאַרניכטונג פון קאָלטשאַק'ן און דעניקינ'ען. מען דאַרף רעכענען, אַז איצט, ווען די ווידערשפּרוכן צווישן די אימפּעריאַליסטישע גרופּן ווערן אַלץ טיפער און ווען אַ נייע מלחמה צווישן זיי ווערט אומפאַרמיידלעך, וועלן רעזערוון פון אַזאַ מין האָבן פאַרן פּראָלעטאַריאַט אַלץ אַ מער ערנסטע באַדייטונג.

די אויפגאַבע פון דער סטראַטעגישער אָנפירונג באַשטייט דערין, אַז מען זאָל ריכטיג אויסנוצן די אַלע רעזערוון אויף צו דערגרייכן דעם גרונטציל פון דער רעוואָלוציע אויפן געגעבענעם עטאַפּ פון איר אַנטוויקלונג.

אין וואָס באַשטייט דאָס ריכטיגע אויסנוצן די רעזערוון?

עס באַשטייט דערין, אַז מען זאָל אויספירן געוויסע נויטיגע באַדינגונגען, צווישן וועלכע די פאָלגנדיגע זיינען די צענטראַלע:

ערשטנס. קאָנצענטרירן די הויפּט־כחות פון דער רעוואָלוציע אינם אַנטשיידנדיגן מאָמענט אויפן פּילבאַרסטן פונקט פאַרן געגנער דעמאָלט, ווען די רעוואָלוציע איז שוין רייף געוואָרן, ווען דער אָנגריף גייט מיטן גאַנצן אימפּעט, ווען דער אויפשטאַנד קלאַפּט שוין אין טיר און ווען צוציען די רעזערוון צום אַוואַנגאַרד איז די אַנטשיידנדיגע באַדינגונג פון דערפאָלג. אַלס אַ ביישפּיל, וואָס דעמאָנסטרירט אַזאַ באַנוצן די רעזערוון, קאָן מען רעכענען

1917. עס איז אויסער צווייפל, אז דער שוואכסטער פונקט ביים געגנער איז אין דעם פעריאָד געווען די מלחמה. עס איז אויסער צווייפל, אז גראָד אויף דער דאָזיקער פראגע, ווי אויף דער גרונט־פראגע, האָט די פּארטיי צוזאמענגעקליבן אַרום דעם פּראָלעטארישן אוואנגארד די ברייטסטע מאַסן פון דער באפעלקערונג. די סטראַטעגיע פון דער פּארטיי האָט זיך אין דעם פעריאָד אויסגעדריקט דערין, וואָס בשעת זי האָט געלערנט דעם אוואנגארד דורך גאַסן־מאַניפעסטאַציעס און דעמאָנסטראַציעס ווי אַזוי צו מאכן גאַסן־אַרויסטרעטונגען, האָט זי גלייכצייטיק צוגעצויגן די רעזערוון צום אוואנגארד דורך די סאָוועטן אין די פּראָווינצן און דורך די סאָלדאַטישע קאָמיטעטן אויפן פראָנט. דער אויסגאַנג פון דער רעוואָלוציע האָט באוויזן, אַז דער אויסנוץ פון די רעזערוון איז געווען אַ ריכטיקער.

אָט וואָס עס זאָגט לענין וועגן דעם דאָזיגן באַדינג פון סטראַטעגישן אויסנוצן די כחות פון דער רעוואָלוציע, איבערפראַזירנדיק די באַוואוסטע טעזיסן פון מאַרקס'ן און ענגעלס'ן וועגן אויפשטאַנד:

„קיינמאָל טאָר מען זיך ניט שפּילן אין אויפשטאַנד, נאָר ווען מ׳הויבט אים אָן, דאַרף מען פעסט וויסן, אַז מ׳דאַרף גיין ביזן סוף. מען מוז צונויפקלייבן אַ גרויסן איבערוואָג פון כחות אין אַנטשיידנדיקן אָרט אינם אַנטשיידנדיקן מאָמענט, ווייל אַנדערש וועט דער שונא, וועלכער פאַרמאָגט אַ בעסערע צוגרייטונג און אָרגאַניזאַציע, פאַרניכטן די אויפשטענדלער. איז שוין דער אויפשטאַנד אָנגעהויבן, דאַרף מען האַנדלען מיט דער גרעסטער אַנטשלאָסנקייט און דורכאויס, אומבאַדינגט אַריבערגיין אין אָנגריף. „פאַרטיידיגונג איז אַ טויט פאַר אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד." „מ׳דאַרף זיך באַמיען פאַרכאַפּן דעם שונא אומגעריכט, כאַפּן דעם מאָמענט, כל זמן זיין אַרמיי איז נאָך צעוואָרפן. מען דאַרף זיך דערשלאָגן יעדן טאָג כאָטש קליינינקע דערפאָלגן (מ׳קאָן זאָגן, יעדע שעה, אויב עס רעדט זיך וועגן איין שטאָט), אונטערהאַלטנדיק אום יעדן פּרייז דעם „מאָראַלישן איבערוואָג". (זע: „עצות פון אַ זייטיגן".)

צווייטנס. אויסקלייבן דעם מאָמענט פונם אַנטשיידנדיקן קלאַפּ, דעם מאָמענט פון אָנהייבן דעם אויפשטאַנד, וואָס זאָל זיין אויסגערעכנט דערויף, אַז דער קריזיס איז שוין דערגאַנגען ביזן העכסטן פּונקט, אַז די גרייטקייט פונם אוואַנגאַרד זיך צו שלאָגן ביזן סוף, די גרייטקייט פון די רעזערוון אונטערצושטיצן דעם אוואנגארד און די מאַקסימאַלע פאַרלאָרנקייט אין די רייען פונם געגנער — זיינען שוין פאַקטיש פאַראַן.

„די אַנטשיידנדיקע שלאַכט", — זאָגט לענין, — קאָן מען רעכענען פאַר „פולקום רייף געוואָרן", אויב „אַלע פיינטלעכע קלאַסן־כחות האָבן זיך שוין גענוג פאַרפּלאָנטערט, האָבן זיך גענוג אָנגעריסן צווישן זיך, זיינען גענוג אָפּגעשוואַכט געוואָרן פונם קאַמף, וואָס איז איבער זייערע כחות; אויב אַלע שאַקלדיקע, וואַקלדיקע, ניט־שטאַנדהאַפטיקע צווישן־עלעמענטן, ד. ה. די קליין־בורזשואַזיע, די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע, האָבן זיך שוין, אין אונטערשייד פון דער בורזשואַזיע, אין אַ גענוגנדער מאָס דערמאַסקירט פאַרן פאָלק, זיינען שוין גענוג צו שאַנד געוואָרן דורך זייער פּראַקטישן באַנקראָט; אויב אינם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אָנגעהויבן און איז מעכטיק געוואָרן די מאַסן־שטימונג פאַר די סאַמע אַנטשלאָסענע, מסירת־נפש׳דיק־דרייסטע רעוואָלוציאָנערע מעשים געגן דער בורזשואַזיע. אָט דעמאָלט איז די רעוואָלוציע רייף, אָט דעמאָלט איז אונזער זיג, אויב מיר האָבן ריכטיק באַרעכנט די אַלע אויבן־

אָנגעמערקטע... באַדינגונגען און ריכטיג אויסגעקליבן דעם מאָמענט — גאַראַנטירט.״ (זע: „די קינדערשע קראַנקהייט״.)

פאַר אַ מוסטער פון אַזאַ סטראַטעגיע קאָן מען רעכענען די דורכפירונג פונם אָקטאָבער־אויפשטאַנד.

איבערטרעטן דעם דאָזיגן באַדינג פירט צו אַ געפערלעכן פעלער, וועלכער הייסט „פאַרלירן דעם טעמפּ״, ווען די פאַרטיי שטייט אָפּ פונם גאַנג פון דער באַוועגונג אָדער פאַרלויפט ווייט פאַראויס, שאַפנדיג די געפאַר פון אַ דורכ־פאַל. פאַר אַ ביישפּיל פון אַזאַ „פאַרלירן דעם טעמפּ״, פאַר אַ ביישפּיל דערפון, ווי אַזוי מען דאַרף ניט אויסקלייבן דעם מאָמענט פון אויפשטאַנד, דאַרף מען רעכענען דעם פּרואוו פון אַ טייל פון אונזערע חברים אָנצוהויבן דעם אויפשטאַנד פונם אַרעסט פון דער דעמאָקראַטישער באַראַטונג אין אויגוסט, 1917, ווען אין די סאָוועטן האָט זיך נאָך געפילט אַ וואַקלעניש. דער פראָנט איז נאָך געווען אויפן שיידוועג, און די רעזערוון זיינען נאָך ניט געווען אונטערגעצויגן צום אַוואַנגאַרד.

דריטנס. דורכפירן אָן אָפּנויגונגען דעם שוין אָנגענומענעם קורס דורך אַלע און אַלערליי שוועריגקייטן און פאַרוויקלונגען אויפן וועג צום ציל, וואָס דאָס איז נויטיג, כדי דער אַוואַנגאַרד זאָל ניט פאַרלירן פון אויג דעם גרונט־ציל פונם קאַמף, און די מאַסן זאָלן זיך ניט אַראָפּשלאָגן פון וועג, גייענדיג צו דעם ציל און באַמיענדיג זיך צו קאָנצענטרירן אַרום דעם אַוואַנגאַרד. איבערטרעטן אָט דעם באַדינג פירט צו אַ געפערלעכן פעלער, וועלכער איז גוט באַקאַנט די ים־לייט אונטערן נאָמען פון „פאַרלירן דעם קורס״. פאַר אַ ביישפּיל פון אַזאַ אַרט „פאַרלירן דעם קורס״ דאַרף מען רעכענען די פעלערהאַפטע אויפפירונג פון אונזער פאַרטיי גלייך נאָך דער דעמאָקראַטישער באַראַטונג, ווען זי האָט אָנגענומען דעם באַשלוס אָנטייל צו נעמען אינם פאָרפּאַרלאַמענט. די פאַרטיי האָט ווי געהאַט פאַרגעסן אין דעם מאָמענט, אַז דער פאָרפּאַרלאַמענט איז אַ פּרואוו פון דער בורזשואַזיע אַריבערצופירן דאָס לאַנד פונם וועג פון סאָוועטן אויפן וועג פון בורזשואַזן פאַרלאַמענטאַריזם, אַז דער אָנטייל פון דער פאַרטיי אין אַזאַ אַנשטאַלט קאָן פאַרפּלאָנטערן אַלע קאָרטן און אַראָפּפירן פון וועג די אַרבעטער און פויערים, וועלכע פירן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף אונטערן לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט די סאָוועטן״. דער דאָזיגער פעלער איז פאַר־ריכט געוואָרן דורכן אַוועקגאַנג פון די באָלשעוויקעס פון פאַרלאַמענט.

פערטנס. מאַנעווורירן מיט די רעזערוון, וואָס זאָל זיין אויסגערעכנט אויף אַ רעגולערן צוריקטריט, אויב דער שונא איז שטאַרק, אויב דער צוריקטריט איז אומפאַרמיידלעך, אויב אָננעמען די שלאַכט, וואָס די געגנער ווילן אָנבינדן, לוינט אָפּן ניט, אויב דער צוריקטריט ווערט ביי דער געגעבענער קרעפטן־פאַרהעלטעניש דאָס איינציגע מיטל אַרויסצופירן דעם אַוואַנגאַרד פון אונטערן קלאַפּ און פאַרהיטן פאַר אים די רעזערוון.

„די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, — זאָגט לענין, — דאַרפן זיך נאָך דער־לערנען. זיי האָבן זיך געלערנט אָנגרייפן. איצט דאַרף מען פאַרשטיין, אַז די דאָזיגע וויסנשאַפט דאַרף מען נאָך דערגאַנצן מיט דער וויסנשאַפט, ווי אַזוי ריכטיגער צוריקטרעטן. עס קומט אויס צו פאַרשטיין, — און דער רעוואָלו־ציאָנערער קלאַס לערנט זיך פאַרשטיין אויף זיין אייגענער ביטערער דער־פאַרונג, — אַז מען קאָן ניט זיגן, אויב מען לערנט זיך ניט אויס, ווי אַזוי ריכטיג אָנגרייפן און ריכטיג צוריקטרעטן.״ (זע: „די קינדערשע קראַנקהייט״.)

דער ציל פון אַזאַ סטראַטעגיע איז צו געווינען די צייט, דעמאָראַליזירן

דעם גענגער און אַנקלייבן כחות אויף אַריבערצוגיין דערנאָך אין אַנגריף.

פאַר אַ מוסטער פון אַזאַ סטראַטעגיע קאָן מען רעכענען דאָס שליסן דעם בריסקער שלום*), וועלכער האָט געגעבן דער פּאַרטיי די מעגלעכקייט צו געווינען צייט, אויסנוצן די צוזאַמענשטויסן אינם לאַגער פונם אימפּעריאַליזם, דעמאָראַליזירן די כחות פונם גענגער, פאַרהיטן פאַר זיך דאָס פּויערטום און אָנקלייבן כחות אויף צוצוגרייטן דעם אָנגריף אויף קאָלטשאַק'ן און דעניקינען.

„שליסנדיג דעם סעפּאַראַטן שלום, — האָט דעמאָלט געזאָגט לענין, — באַפרייען מיר זיך ביזן סאַמע מעגלעכסטן גראַד פאַרן געגעבענעם מאָמענט פון ביידע קעמפנדיגע אימפּעריאַליסטישע גרופּן, מיר נוצן אויס זייער געגנ־זייטיגע שנאה און מלחמה, וועלכע מאַכן פאַר זיי שווער זיך צונויפצורעדן געגן אונז, מיר נוצן אויס אַ געוויסן פּעריאָד פון פּאַנאַנדערגעבונדענע הענט אויף ווייטער צו פירן און פאַרפעסטיגן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע.”
(„טעזיסן וועגן שלום”.)

„איצט זעט שוין אפילו אַ נאַר, — זאָגט לענין אין דריי יאָר אַרום נאָכן בריסקער שלום, — אַז דער בריסקער שלום איז געווען אַ הנחה, וועלכע האָט אונז פאַרשטאַרקט און צעברעקלט די כחות פונם אינטערנאַציאָנאַלן אימפּעריאַליזם.” (זע: „נייע צייטן”.)

אָט דאָס זיינען די הויפּט־באַדינגונגען, וועלכע גאַראַנטירן די ריכטיגקייט פון דער סטראַטעגישער אָנפירונג.

5. די טאַקטישע אָנפירונג. די טאַקטישע אָנפירונג איז אַ טייל פון דער סטראַטעגישער אָנפירונג, וואָס איז אונטערגעוואָרפן אונטער אירע אויפגאַבן און פאָדערונגען. די אויפגאַבע פון דער טאַקטישער אָנפירונג באַשטייט דערין, אַז מען זאָל באַהערשן אַלע פאָרמען פון קאַמף און אָרגאַניזאַציע פונם פּראָ־לעטאַריאַט און באַוואָרענען זייער ריכטיגע אויסנוצונג אויף צו דערשלאָגן זיך דעם מאַקסימום רעזולטאַטן ביי דער געגעבענער קרעפטן־פאַרהעלטעניש, וועלכע איז נויטיג אויף צוצוגרייטן דעם סטראַטעגישן דערפאָלג.

אין וואָס באַשטייט דאָס ריכטיגע אויסנוצן די פאָרמען פון קאַמף און אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט?

דערין, אַז עס זאָלן אויסגעפילט ווערן איינינגע נויטיגע באַדינגונגען, וואָס די וויכטיגסטע צווישן זיי זיינען די פאָלגנדיגע:

ערשטנס. אַרויסרוקן אויפן ערשטן פּלאַן גראַד די פאָרמען פון קאַמף און אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיינען מער פון אַלץ צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פונם געגעבענעם צופלוס אָדער אָפּפלוס פון דער באַוועגונג און זיינען דעריבער פּייאיג צו פאַרלייכטערן און גאַראַנטירן דעם צופיר פון די מאַסן צו די רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציעס, דעם צופיר פון מיליאָניגע מאַסן צום פראָנט פון דער רעוואָלוציע, זייער פאַרטיילונג אויפן פראָנט פון דער רעוואָלוציע.

עס האַנדלט זיך ניט וועגן דעם, אַז דער אַוואַנגאַרד זאָל פאַרשטיין די אוממעגלעכקייט איינצוהיטן די אַלטע אָרדענונגען און די אומפאַרמיידלעכקייט פון זייער שטירצונג. עס רעדט זיך וועגן דעם, אַז די מאַסן, די מיליאָניגע מאַסן זאָלן פאַרשטיין אָט די דאָזיגע אומפאַרמיידלעכקייט און זאָלן אַרויס־ווייזן גרייטקייט אונטערצושטיצן דעם אַוואַנגאַרד. באַנעמען אָבער קאָנען דאָס די מאַסן בלויז דורך אייגענער דערפאַרונג. געבן די מיליאָניגע מאַסן

*) פרידן מיט דייטשלאַנד, געשלאָסן דורך די סאָוועטן אין פעברואַר 1918 אויף זייער שלעכטע פאַר די סאָוועטן באַדינגונגען.

די מעגלעכקייט צו דערקענען פון זייער אייגענער דערפאַרונג די אומפאַר־מיידלעכקייט פון אַראָפּוואַרפן די אַלטע מאַכט, אַרויסרוקן אַזוינע אופנים פון קאַמף און אַזוינע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָלן פאַרלייכטערן פאַר די מאַסן צו דערקענען פון דער דערפאַרונג די ריכטיגקייט פון די רעוואָלו־ציאָנערע לאָזונגען — אָט אין וואָס עס באַשטייט די אויפגאַבע.

דער אַוואַנגאַרד וואָלט זיך אָפּגעריסן פונם אַרבעטער־קלאַס, און דער אַרבעטער־קלאַס וואָלט פאַרלאָרן די פאַרבינדונגען מיט די מאַסן, ווען די פּאַרטיי וואָלט ניט באַשלאָסן אין דער געהעריגער צייט אָנטייל צו נעמען אין דער דומע, ווען זי וואָלט ניט באַשלאָסן צו קאָנצענטרירן אירע כחות אויף דער אַרבעט אין דער דומע און צו פאַנאַנדערוויקלען דעם קאַמף אויפן גרונט פון דער דאָזיגער אַרבעט, כדי צו פאַרלייכטערן פאַר די מאַסן אויף זייערע אייגענער דערפאַרונג צו דערקענען, אַז די דומע איז פאַר זיי אַן אַרויס־געוואָרפענע זאַך, צו דערקענען די פאַלשקייט פון די קאַדעטישע צוזאָגן, די אוממעגלעכקייט פון אַן אויסגלייך מיטן צאַריזם, די אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ פאַרבאַנד צווישן דעם פּויערטום מיט דעם אַרבעטער־קלאַס. אָן דער דער־פאַרונג פון די מאַסן אינם פּעריאָד פון דער דומע וואָלט דאָס דעמאַסקירן די קאַדעטן און די העגעמאָניע פונם פּראָלעטאַריאַט געווען אוממעגלעך.

די סכנה פון דער „טאַקטיק פון אָפּרופן" („אָטזאָוויזם"*) איז באַ־שטאַנען דערין, וואָס זי האָט געשאַפן די געפאַר, אַז דער אַוואַנגאַרד זאָל זיך אָפּרייסן פון זיינע מיליאָניקע רעזערוון.

די פּאַרטיי וואָלט זיך אָפּגעריסן פונם אַרבעטער־קלאַס, און דער אַר־בעטער־קלאַס וואָלט פאַרלאָרן זיין ווירקונג אין די ברייטע מאַסן פון פּויערים און סאָלדאַטן, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט גיין אויפן וועג פון די לינקע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן גערופן צו אַן אויפשטאַנד אין אַפּריל 1917 יאָר, בשעת די מענשעוויקעס און עס־ערן האָבן נאָך ניט באַוויזן אויפצודעקן זייער פּרצוף, אַלס אָנהייגער פון מלחמה און מיליטאַריזם, ווען די מאַסן האָבן נאָך ניט באַוויזן אויף זייער אייגענער דערפאַרונג צו דערשפּירן די פאַלשקייט פון די מענשעוויסטיש־עסערישע רייד וועגן שלום, וועגן ערד און פרייהייט. אָן דער דערפאַרונג פון די מאַסן אינם פּעריאָד פון קערענסקי'ס ממשלה וואָלטן די מענשעוויקעס און עס־ערן ניט איזאָלירט געוואָרן, און די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט וואָלט געווען אוממעגלעך. דעריבער איז די טאַקטיק פון „געדולדיגן דערקלערן" די פעלערן פון די קליינבירגערלעכע פּאַרטייען און פון אָפענעם קאַמף אינעווייניג אין די סאָוועטן געווען די איינציג־מעגלעכע טאַקטיק.

די סכנה פון דער טאַקטיק פון די לינקע קאָמוניסטן איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט געדראָט צו פאַרוואַנדלען די פּאַרטיי פונם פירער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין אַ הייפל פּוסטע, באָדנלאָזע פאַרשווערער.

„בלויז מיט איין אַוואַנגאַרד, — זאָגט לענין, — קאָן מען ניט זיגן.

---

*) אַ גרופּע חברים האָבן געפאָדערט, אַז די פּאַרטיי זאָל אָפּרופן פון דער דומע אירע דעפּוטאַטן, האַלטנדיג, אַז זייער געפינען זיך אין דער דומע שאַפט כלומרשט אילוזיעס, אַז די דומע קאָן עפּעס טאָן פאַרן פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויערטום. דאָס איז געווען אַן אַנטפּלעקונג פון דער „קרענק פון לינקיזם", וועלכע לענין האָט שטענדיג שאַרף באַקעמפט, באַזונדערס אין זיין באַרימט ווערק „די קינדערשע קרענק פון לינקיזם". מען האָט די דאָזיגע חברים אָנגערופן „אָפּרופער" („אָטזאָוויסטן").

וואַרפֿן נאָר דעם אוואַנגאַרד אַליין אין אַן אַנטשיידענער שלאַכט כל זמן דער גאַנצער קלאַס, די ברייטע מאַסן האָבן נאָך ניט פאַרנומען קיין פּאָזיציע אָדער פֿון דירעקטער שטיצע פֿונם אוואַנגאַרד אָדער, לכל הפּחות, פֿון פריינט־לעכער נייטראַליטעט בנוגע צו אים... וואָלט געווען ניט נאָר אַ נאַרישקייט, נאָר אַ פאַרברעך. אָבער כדי ווירקלעך דער גאַנצער קלאַס, כדי ווירקלעך די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיגע און אונטערדריקטע דורכן קאַפּיטאַל זאָלן דערגיין צו אַזאַ פּאָזיציע — דערצו איז בלויז פּראָפּאַגאַנדע, בלויז אַגיטאַציע—ווייניג. דערצו איז נויטיג די אייגענע פּאָליטישע דערפאַרונג פֿון די דאָזיגע מאַסן. דאָס איז דער גרונט־געזעץ פאַר גרויסע רעוואָלוציעס, וועלכער איז איצט באַשטעטיקט געוואָרן מיט וואונדערבאַרער קראַפט און בולט'קייט ניט נאָר דורך רוסלאַנד, נאָר אויך דורך דייטשלאַנד. ניט נאָר פאַר די אומקולטורעלע, אָפטמאָל אַנאַלפאַבעטישע מאַסן פֿון רוסלאַנד, נאָר אַפילו פאַר די הויך־קולטורעלע, אַלע ביז איינעם אַלפאַבעטישע מאַסן פֿון דייטשלאַנד איז נויטיג געווען אויסצופּרואוון אויף זייער אייגענער פעל די גאַנצע אָנמעכטיגקייט, די גאַנצע כאַראַקטערלאָזיגקייט, די גאַנצע אומבאַהאָלפנקייט, די גאַנצע לאַקייאיש־קייט פאַר דער בורזשואַזיע, די גאַנצע נידערטרעכטיגקייט פֿון דער רעגירונג פֿון די ריטער פֿון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, די גאַנצע אומפאַרמיידלעכקייט פֿון דער דיקטאַטור פֿון די עקסטע רעאַקציאָנערן (קאָרנילאָוו אין רוסלאַנד, קאַפּ און קאָמפּאַניע אין דייטשלאַנד), אַלס איינציגע אַלטערנאַטיווע בנוגע דער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, כדי אַנטשלאָסן זיך אַ קער צו טאָן צום קאָמוניזם." (זע: „די קינדערשע קראַנקהייט".)

צווייטנס. אין יעדן געגעבענעם מאָמענט דאַרף מען קאָנען געפינען דעם באַזונדערן רינג אין דער קייט פֿון פּראָצעסן, וואָס, אָנכאַפּנדיג זיך פאַר אים, קאָן מען איינהאַלטן די גאַנצע קייט און צוגרייטן די באַדינגונגען אויף צו דערגרייכן דעם סטראַטעגישן דערפאָלג.

עס גייט דערין, אַז פֿון דער ריי אויפגאַבן, וועלכע שטייען פאַר דער פאַרטיי, זאָל מען אויסטיילן גראָד די אָרדנטלעכע אויפגאַבע, וואָס איר לייזונג איז דער צענטראַלער פּונקט און וואָס איר דורכפירונג גאַראַנטירט די דער־פאָלגרייכע לייזונג פֿון די איבעריגע דרינגענדיגע אויפגאַבן.

די באַדייטונג פֿון דער דאָזיגער הנחה וואָלט מען געקאָנט דעמאָנסטרירן אויף צוויי ביישפּילן: אַלס איינעם פֿון זיי וואָלט מען געקאָנט נעמען פֿון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט (דער פּעריאָד פֿון דער אויסבילדונג פֿון דער פאַרטיי) און דעם צווייטן — פֿון דער סאַמע נאָענטסטער צו אונז געגנוואַרט (דער פּעריאָד פֿון „נעפּ").

אינם פּעריאָד פֿון דער אויסבילדונג פֿון דער פאַרטיי, ווען די פילע קרייזלעך און אָרגאַניזאַציעס זיינען נאָך ניט געווען צונויפגעבונדן צווישן זיך, ווען די קוסטאַרעריי און קרייזלעריי פלעגן צעעסן די פאַרטיי פֿון אונטן ביז אַרויף, ווען די אידייאישע צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישע פאַרן אינערלעכן לעבן פֿון דער פאַרטיי, — אין דעם פּעריאָד איז דער גרונט־רינג און די גרונט־אויפגאַבע אין דער קייט פֿון די רינגען און אין דער קייט פֿון אויפגאַבן, וואָס זיינען דאַן געשטאַנען פאַר דער פאַרטיי, געווען צו באַשאַפן אַן אַלרוסישע אומלעגאַלע ציי‍טונג. פאַר־וואָס? דערפאַר, ווייל נאָר דורך אַן אַלרוסישער אומלעגאַלער ציי‍טונג האָט מען ביי די דעמאָלטיגע באַדינגונגען געקאָנט שאַפן אַ צונויפגערעדטן קערן פֿון דער פאַרטיי, וואָס זאָל פייאיג זיין צוזאַמענבינדן אין איינס די אָנצאָליגע

קרייזן און אָרגאַניזאַציעס, צוגרייטן די באַדינגונגען פאַר דער אידייאישער און טאַקטישער איינהייטלעכקייט און לייגן, אויף אַזאַ אופן, דעם פונדאַמענט פאַר דער אויסבילדונג פון אַ ווירקלעכער פּאַרטיי.

אינם פעריאָד פון איבערגאַנג פון דער מלחמה צו ווירטשאַפטלעכער בויאונג, ווען די אינדוסטריע האָט קוים געזשיפּעט אין די נעגל פונם חורבן, און די לאַנדווירטשאַפט האָט געליטן פון מאַנגל אין שטאָטישע פאַבריקאַטן, ווען דער צוזאַמענשלוס פון דער מלוכה'שער אינדוסטריע מיט דער פויערשער ווירטשאַפט איז געוואָרן אַ גרונט־באַדינג פאַר דער דערפאָלגרייכער סאָציאַליסטישער בויאונג, — אין דעם דאָזיגן פעריאָד איז דער גרונט־רינג אין דער קייט פון פּראָצעסן, די גרונט־אויפגאַבע צווישן אַלע אַנדערע אויפגאַבן געוואָרן — צו אַנטוויקלען דעם האַנדל. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל ביי די באַדינגונגען פון „נעפּ" איז דער צוזאַמענשלוס פון דער אינדוסטריע מיט דער פויערשער ווירטשאַפט ניט מעגלעך אַנדערש, ווי דורכן האַנדל, דערפאַר ווייל אַ פּראָדוקציע אָן אָפּזאַץ ביי די באַדינגונגען פון „נעפּ" איז אַ טויט פאַר דער אינדוסטריע, דערפאַר ווייל די אינדוסטריע קאָן מען פאַרברייטערן נאָר ביי דער פאַרברייטערונג פונם אָפּזאַץ דורך אַנטוויקלען דעם האַנדל, ווייל נאָר פאַרפעסטיגנדיג זיך אינם געביט פון האַנדל, נאָר באַהערשנדיג דעם האַנדל, נאָר באַהערשנדיג אָט דעם רינג, וועט מען קאָנען האָפן, אַז מען וועט צוזאַמענשליסן די אינדוסטריע מיטן פויערשן מאַרק און מיט דערפאָלג לייזן אַנדערע אָרדנטלעכע אויפגאַבן, כדי צו באַשאַפן גינסטיגע באַדינגונגען פאַר דער אויפבויאונג פונם פונדאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק.

„עס איז ניט גענוג צו זיין אַ רעוואָלוציאָנער און אַן אָנהייגער פון סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם בכלל, — זאָגט לענין, — מען דאַרף קאָנען געפינען אין יעדן מאָמענט דעם באַזונדערן רינג פון דער קייט, פאַר וועלכן מען דאַרף זיך אָנכאַפּן מיט אַלע כחות, כדי איינצוהאַלטן די גאַנצע קייט און צוגרייטן אַ פעסטן איבערגאַנג צום פאָלגנדיגן רינג." . . . „אינם געגעבענעם מאָמענט . . . איז אַזאַ רינג די אויפלעבונג פונם אינערלעכן האַנדל ביי דעם תנאי, אַז ער זאָל מלוכה'יש ריכטיג רעגולירט ווערן. האַנדל — אָט דאָס איז דער רינג אין דער היסטאָרישער קייט פון געשעענישן, אין די איבערגאַנגס־פאָרמען פון אונזער סאָציאַליסטישער בויאונג, פאַר וועלכן מען דאַרף זיך אָנכאַפּן מיט אַלע כחות..." (זע: „וועגן דער באַדייטונג פון גאָלד".)

אָט דאָס זיינען די הויפּט־באַדינגונגען, וועלכע גאַראַנטירן די ריכטיגקייט פון דער טאַקטישער אָנפירונג.

6. רעפאָרמיזם און רעוואָלוציאָניזם. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק און דער רעפאָרמיסטישער טאַקטיק?

אַנדערע מיינען, אַז דער לעניניזם איז געגן רעפאָרמען, געגן קאָמפּראָמיסן און אויסגלייכן בכלל. דאָס איז לחלוטין ניט ריכטיג. די באָלשעוויקעס ווייסן ניט ווייניגער ווי יעדער אַנדערער, אַז אין אַ געוויסן זינען איז „אַז מען גיט — נעמט מען", אַז ביי געוויסע באַדינגונגען זיינען רעפאָרמען בכלל, קאָמפּראָמיסן און אויסגלייכן בפרט — נויטיג און נוצלעך.

„פירן אַ מלחמה, — זאָגט לענין, — פאַר אַראָפּוואַרפן די אינטערנאַציאָנאַלע בורזשואַזיע, אַ מלחמה, וואָס איז הונדערט מאָל שווערער, לאַנג־דויערנדיגער, קאָמפּליצירטער, ווי די סאַמע עקשנות'דיגע פון די געוויינלעכע מלחמות צווישן מלוכות, און דערביי זיך פאָראויס אָפּזאָגן פון מאַנעווּרירן, פון אויסנוצן (זאָל זיין אַפילו צייטווייליג) די אינטערעסן־ווידערשפּרוכן

צווישן די שונאים, אָפּזאָגן זיך פון אויסגלייכעריי און קאָמפּראָמיסן מיט מעגלעכע (זאָל זיין אַפילו צייטווייליגע, ניט פעסטע, וואַקלדיגע, בתנאי׳דיגע) פאַרבינדעטע, — איז עס דען ניט אַ העכסט לעכערלעכע זאַך? איז עס דען ניט ענלעך דערויף, ווי מיר וואָלטן ביי אַ שווערן אויפשטייגן אויף אַ נאָך ניט צוטרעטלעכן באַרג לכתחילה זיך אָפּזאָגן פון גיין אַמאָל מיט זיגזאַגן, אומקערן זיך אַמאָל צוריק, אָפּזאָגן זיך פון דער איינמאָל אויסגעקליבענער ריכטונג און פּרואוון פאַרשיידענע ריכטונגען?" (זע: „די קינדערשע קרענק".)

ס'איז קלאָר, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן רעפאָרמען אָדער קאָמפּראָמיסן און אויסגלייכן, נאָר וועגן דעם געברויך, וואָס מענטשן מאַכן פון רעפאָרמען און אויסגלייכן.

פאַרן רעפאָרמיסט איז די רעפאָרם — אַלץ. די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט איז זיך גלאַט אַזוי, צוליב רייד, אויף צו פאַרשיטן די אויגן. דעריבער איז ביי רעפאָרמיסטישער טאַקטיק, אין באַדינגונגען פון עקזיסטענץ פון בורזשואַזער מאַכט, ווערט די רעפאָרם אומפאַרמיידלעך פאַרוואַנדלט אין אַ געצייג צו פאַרפעסטיגן די דאָזיגע מאַכט, אין אַ געצייג צו דעמאָראַליזירן די רעוואָלוציע.

פאַרן רעוואָלוציאָנער ווידער איז, פאַרקערט, די הויפּט־זאַך — די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט און ניט די רעפאָרם. פאַר אים איז די רעפאָרם אַ בייפּראָדוקט פון דער רעוואָלוציע. דעריבער איז ביי רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק אין די באַדינגונגען פון עקזיסטענץ פון אַ בורזשואַזער מאַכט ווערט די רעפאָרם פאַרוואַנדלט אין אַ געצייג צו דעמאָראַליזירן די דאָזיגע מאַכט, אין אַ געצייג צו פאַרפעסטיגן די רעוואָלוציע, אין אַ שטיצפּונקט פאַר דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

דער רעוואָלוציאָנער נעמט אָן די רעפאָרם, כדי אויסצונוצן זי ווי אַ קלאַמער אויף צונויפפּאָרן די לעגאַלע אַרבעט מיט דער אומלעגאַלער, כדי אויסצונוצן זי ווי אַ צודעק פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון דער אומלעגאַלער אַרבעט מיטן צוועק פון רעוואָלוציאָנערן צוגרייטן די מאַסן צו דער שטירצונג פון דער בורזשואַזיע.

דערין באַשטייט דער תוך פונם רעוואָלוציאָנערן אויסנוצן די רעפאָרמען און אויסגלייכן אין די באַדינגונגען פון אימפּעריאַליזם.

דער רעפאָרמיסט, ווידער, נעמט אָן די רעפאָרם, כדי אָפּצוזאָגן זיך פון יעטווידער אומלעגאַלער אַרבעט, כדי אַרונטערצורייסן די אַרבעט פון צוגרייטן די מאַסן צו אַ רעוואָלוציע און בלייבן רוען אונטער די פליגל פון דער „געשענקטער" רעפאָרם.

דערין באַשטייט דער תוך פון דער רעפאָרמיסטישער טאַקטיק.

אַזוי האַלט עס מיט רעפאָרמען און אויסגלייכן אין די באַדינגונגען פון אימפּעריאַליזם.

די זאַך ווערט אָבער אַ ביסל אַנדערש נאָכדעם ווי מען וואַרפט אַראָפּ דעם אימפּעריאַליזם, ביי דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. ביי געוויסע באַדינגונגען, ביי געוויסע אומשטענדן קאָן די פּראָלעטאַרישע מאַכט זיין געצוואונגען פונם וועג פון רעוואָלוציאָנערן איבערבויען די עקזיסטירנדיגע אָרדענונגען צייטווייליג אַראָפּצוגיין אויפן וועג פון ביסלעכוויַיזן איבעראַנדערשן זי, „אויף אַ רעפאָרמיסטישן וועג", ווי דאָס זאָגט לענין אין זיין באַקאַנטן אַרטיקל „וועגן גאָלד", אויפן וועג פון אַרומרינגלונג־באַוועגונגען, אויפן וועג פון רעפאָרמען און הנחות פאַר די ניט־פּראָלעטאַרישע קלאַסן, כדי צו דעמאָראַליזירן די דאָזיגע קלאַסן, געבן דער רעוואָלוציע די מעגלעכ־

קייט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, קומען צו די כחות און צוגרייטן די באַדינגונגען פאַר אַ נייעם אָנגריף. מען קאָן ניט לייקענען, אַז דער דאָזיגער וועג איז אין אַ געוויסן זינען אַ רעפאָרמיסטישער וועג. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז מיר האָבן דאָ איין גרונט־באַזונדערהייט, וועלכע באַשטייט דערין, וואָס די רעפאָרם גייט אַרויס אינם געגעבענעם פאַל פון דער פּראָלעטאַרישער מאַכט, זי פאַרפעסטיגט די פּראָלעטאַרישע מאַכט, זי גיט איר די נויטיגע מעגלעכקייט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, זי איז באַרופן צו דעמאָראַליזירן ניט די רעוואָלוציע, נאָר די ניט־פּראָלעטאַרישע קלאַסן.

די רעפאָרם ווערט ביי אַזוינע באַדינגונגען פאַרוואַנדלט, אַזוי אַרום, אין איר קעגנזאַץ.

די דורכפירונג פון אַזאַ פּאָליטיק דורך דער פּראָלעטאַרישער מאַכט ווערט מעגלעך דערפאַר און נאָר דערפאַר, ווייל דער פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע איז אינם פאַרגאַנגאַנעם פעריאָד געווען גענוג גרויס, און ער האָט אַזוי אַרום געגעבן אַ גענוג ברייטן פרייען שטח, אַז עס זאָל זיין וואוהין צוריקצוגיין, פאַרבייטנדיג די טאַקטיק פון אָנגריף אויף דער טאַקטיק פון צייטווייליגן צוריקטריט, אויף דער טאַקטיק פון אַרומרינגלונג־באַוועגונגען.

אַלזאָ, אויב פריער, ביי דער בורזשואַזער מאַכט, זיינען די רעפאָרמען געווען אַ ביי־פּראָדוקט פון דער רעוואָלוציע, איז איצט, ביי דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, ווערן אַלס אַ קוואַל פון רעפאָרמען די רעוואָלוציאָנערע דעראָבערונגען פונם פּראָלעטאַריאַט, דער אָנגעזאַמלטער רעזערוו אין די הענט פונם פּאָלעטאַריאַט, וועלכער באַשטייט פון די דאָזיגע דעראָבערונגען.

„די פאַרהעלטעניש פון רעפאָרמען צו רעוואָלוציע, — זאָגט לענין, — ווערט פּינקטלעך און ריכטיג דעפינירט נאָר דורכן מאַרקסיזם. דערביי האָט מאַרקס געקאָנט זען די דאָזיגע פאַרהעלטעניש נאָר פון איין זייט, נעמלעך: אין די אומשטענדן, וולעכע קומען פאַר דעם ערשטן וויפיל ניט איז פעסטן, וויפיל ניט איז לאַנג־דויערנדיגן זיג פונם פּראָלעטאַריאַט, זאָל זיין אַפילו אין איין לאַנד. ביי אַזאַ סיטואַציע איז דער יסוד פון דער ריכטיגער פאַרהעלטעניש געווען: די רעפאָרם איז אַ ביי־פּראָדוקט פונם רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט... נאָכן זיג פונם פּראָלעטאַריאַט, זאָל זיין אַפילו אין איין לאַנד, קומט אויף עטוואָס נייעס אין דער פאַרהעלטעניש פון רעפאָרם צו רעוואָלוציע. פּרינציפּיעל בלייבט עס דאָס זעלביגע, אָבער לויט דער פאָרם קומט אַן ענדערונג, וועלכע מאַרקס האָט פּערזענלעך ניט געקאָנט פאָראויסזען, וועלכע מען קאָן אָבער באַנעמען נאָר אויפן באָדן פון דער פילאָזאָפיע און פּאָליטיק פון מאַרקסיזם. נאָכן זיג זיינען זיי, ד. ה. די רעפאָרמען (וואָס אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב בלייבן זיי דער זעלבער „ביי־פּראָדוקט“) — זיינען די רעפאָרמען פאַרן לאַנד, אין וועלכן דער נצחון איז אָפּגעהאַלטן, אַ חוץ דעם אַ נויטיגער און געזעצלעכער איבערכאַפּן דעם אָטעם אין די פאַלן, ווען עס קלעקט לכתחילה קיין כחות ניט, נאָך דעם ווי זיי זיינען מאַקסימאַל אָנגעשטרענגט געוואָרן, פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אויספירונג פאַר אַזאַ אָדער אַזאַ מין איבערגאַנג. זיג גיט אַזאַ רעזערוו פון כחות, אַז עס איז ניט פאַראַן מיט וואָס זיך צו האַלטן אַפילו ביי אַ געצוואונגענעם צוריקטריט, — זיך האַלטן סיי אין מאַטעריאַלן, סיי אין מאָראַלן זינען.“

---

## אכטע לעקציע

# די פאַרטיי פון לענינזם

אין פאַר־רעוואָלוציאָנערן פעריאָד, אין פעריאָד פון מער אָדער ווייניגער פרידלעכער אַנטוויקלונג, ווען די פאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פאַרנעשטעלט די הערשנדיגע קראַפט, און די פאַרלאַמענטאַרישע פאָרמען פון קאַמף האָבן זיך גערעכנט פאַר גרונט־פאָרמען, — אין די דאָזיגע באַדינגונגען האָט די פאַרטיי ניט געהאַט און ניט געקאָנט האָבן די ערנסטע און באַשליסנדיגע באַדייטונג, וואָס זי האָט באַקומען דערנאָך אין די באַדינגונגען פון אָפענע רעוואָלוציאָנערע שטרייטן. פאַרטיידיגנדיג דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, זאָגט קאַוטסקי, אַז די פאַר־טייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל זיינען אַן אינסטרומענט פון שלום, און ניט פון מלחמה, אַז גראָד דערפאַר זיינען זיי ניט בכח געווען אויפצוטאָן עטוואָס ערנסטעס בשעת דער מלחמה, אינם פעריאָד פון די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פונם פראָלעטאַריאַט. דאָס איז גאַנץ ריכטיג. אָבער וואָס באַדייט עס? דאָס באַדייט, אַז די פאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל טויגן ניט פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון דעם פראָלעטאַריאַט, אַז זיי זיינען ניט קיין שלאַכט־פאַרטייען פונם פראָלעטאַריאַט, וואָס פירן די אַרבעטער צו דער מאַכט, נאָר אַ וואַל־אַפּאַראַט, וואָס איז צוגעפּאַסט צו די פאַרלאַמענט־וואַלן און צו פאַרלאַמענטאַרישן קאַמף. דערמיט אייגנטלעך לאָזט זיך דער־קלערן דער פאַקט, וואָס אינם פעריאָד פון דער הערשאַפט פון די אָפּאָרטוניסטן פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז די פּאָליטישע גרונט־אָרגאַניזאַציע פונם פראָלעטאַריאַט געווען ניט די פאַרטיי, נאָר די פאַרלאַמענט־פראַקציע. עס איז באַקאַנט, אַז אין דער אמת'ן איז די פאַרטיי אין די דעם פעריאָד געווען אַ צוגאָב און אַ באַדינונגס־עלעמענט פון דער פאַרלאַמענט־פראַקציע. עס איז ניט נויטיג צו דערווייזן, אַז ביי אַזוינע באַדינגונגען און מיט אַזאַ פאַרטיי אַן דעם שפּיץ האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן צוגרייטן דעם פראָלעטריאַט צו רעוואָלוציע.

די זאַך האָט זיך אָבער אין גרונט געענדערט, ווען עס איז אָנגעקומען דער נייער פעריאָד. דער נייער פעריאָד איז אַ פעריאָד פון אָפענע צוזאַמענ־שטויסן צווישן די קלאַסן, אַ פעריאָד פון רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פונם פראָלעטאַריאַט, אַ פעריאָד פון פראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַ פעריאָד פון דירעקטן צוגרייטן כחות אויף אַראָפּצוּוואַרפן דעם אימפּעריאַליזם, אויף צו פאַרכאַפּן די מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט. דער דאָזיגער פעריאָד שטעלט פאַרן פּראָלעטאַריאַט נייע אויפגאַבן וועגן איבערבויען די גאַנצע פאַרטיי־אַרבעט אויף אַ נייעם, רעוואָלוציאָנערן שטייגער, וועגן דערציען די אַרבעטער אינם גייסט פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר דער מאַכט, וועגן צוגרייטן און צוציען רעזערוון, וועגן פאַרבינדונג מיט די פּראָלעטאַריער פון די שכנ'ישע לענדער, וועגן איינשטעלן פעסטע פאַרבינדונגען מיט דער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די קאָלאָניעס און אָפּהייניגיגע לענדער א. אז. וו. מיינען, אַז

די דאָזיגע אויפגאַבן קאָנען געלייזט ווערן דורך די כחות פון די אַלטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וועלכע זיינען דערצויגן געוואָרן אין די פרידלעכע באַדינגונגען פון פּאַרלאַמענטאַריזם — וואָלט געהייסן פאַר׳משפּט׳ן זיך אויף פאַרצווייפלונג, אויף אַן אומפאַרמיידלעכער מפּלה. מיט אַזוינע אויפגאַבן אויף די פּלייצעס פאַרבלייבן מיט די אַלטע פּאַרטייען אָן דעם שפּיץ — הייסט פאַר־בלייבן אין אַ צושטאַנד פון פולקאָמענער אנטוואָפענונג. עס איז איבעריג צו דערווייזן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט געקאָנט מסכים זיין אויף אַזאַ לאַגע.

דערפון שטאַמט די נויטווענדיגקייט פון אַ נייער פּאַרטיי, פון אַ שלאַכט־פּאַרטיי, אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, וואָס זאָל זיין גענוג דרייסט אויף צו פירן די פּראָלעטאַריער צום קאַמף פאַר דער מאַכט, וואָס זאָל זיין גענוג דער־פאַרן אויף פאַנאַנדערצוקלייבן זיך אין די קאָמפּליצירטע באַדינגונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער אומגעבונג און וואָס זאָל זיין גענוג בויגעוודיג אויף אַרומצוגיין אַלע און אַלערליי אונטערוואַסער־שטיינער אויפן וועג צום ציל.

אָן אַזאַ פּאַרטיי איז ניטאָ אַפילו וואָס צו טראַכטן וועגן אַראָפּוואַרפן דעם אימפּעריאַליזם, וועגן דעראָבערן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

די דאָזיגע נייע פּאַרטיי איז די פּאַרטיי פון לעניניזם.

אין וואָס באַשטייען די באַזונדערהייטן פון אָט דער נייער פּאַרטיי?

1. די פּאַרטיי אַלס אַוואַנגאַרד פונם אַרבעטער־קלאַס. די פּאַרטיי דאַרף זיין, פריער פאַר אַלץ, דער אַוואַנגאַרד פונם אַרבעטער־קלאַס. די פּאַרטיי דאַרף איינזאַפּן אין זיך אַלע בעסטע עלעמענטן פונם אַרבעטער־קלאַס, זייער דער־פאַרונג, זייער רעוואָלוציאָנערישקייט, זייער גרעניצלאָזע איבערגעגעבנקייט צו דער זאַך פונם פּראָלעטאַריאַט. כדי אָבער ווירקלעך צו זיין אַן אַוואַנגאַרד, דאַרף די פּאַרטיי באַוואָפנט זיין מיט דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע, מיטן וויסן פון די געזעצן פון דער באַוועגונג, פון די געזעצן פון רעוואָלוציע. אָן דעם איז זי ניט בכח אָנצופירן מיטן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, פירן נאָך זיך דעם פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי קאָן ניט זיין קיין ווירקלעכע פּאַרטיי, אויב זי באַנוגנט זיך נאָר מיט רעגיסטרירן דאָס, וואָס עס לעבט איבער און וואָס עס טראַכט די מאַסע פונם אַרבעטער־קלאַס, אויב זי שלעפּט זיך נאָך אין עק נאָך דער סטיכישער באַוועגונג, אויב זי קאָן ניט גובר זיין די אינערט־קייט און פּאָליטישע גלייכגילטיגקייט פון דער סטיכישער באַוועגונג, אויב זי קאָן זיך ניט אויפהויבן העכער פון די מינוט־אינטערעסן פונם פּראָלע־טאַריאַט, אויב זי קאָן ניט אויפהויבן די מאַסן ביז דער מדרגה פון די קלאַסן־אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי דאַרף שטיין פאָראויס פאַרן אַרבעטער־קלאַס, זי דאַרף זען ווייטער פונם אַרבעטער־קלאַס, זי דאַרף פירן נאָך זיך דעם פּראָלעטאַריאַט און ניט נאָכשלעפּן זיך אין עק נאָך דער סטיכיש־קייט. די פּאַרטייען פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע פּריידיגן דעם „עקיזם", זיינען דורכפירער פון דער בורזשואַזער פּאָליטיק, וועלכע פאַר־משפּט דעם פּראָלעטאַריאַט אויף דער ראָלע פון אַ געצייג אין די הענט פון דער בורזשואַזיע. נאָר אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנד־פּונקט פון דער פאָדערשטער אָפּטיילונג פונם פּראָלעטאַריאַט און וועלכע איז פייאיג אויפצוהויבן די מאַסן ביז דער מדרגה פון די קלאַסן־אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט, — נאָר אַזאַ פּאַרטיי איז פייאיג אָראָפּצוציען דעם אַרבעטער־קלאַס פונם וועג פון טרייד־יוניאָניזם און פאַרוואַנדלען אים אין אַ זעלבסט־שטענדיגע פּאָליטישע קראַפט. די פּאַרטיי איז דער פּאָליטישער פירער פונם אַרבעטער־קלאַס.

איך האָב אויבן גערעדט וועגן די שוועריגקייטן פונם קאַמף פונם אַרבעטער־קלאַס, וועגן דער קאָמפּליצירטקייט פון די אומשטענדן פונם קאַמף, וועגן דער סטראַטעגיע און טאַקטיק, וועגן רעזערוון און מאַנעווּרירן, וועגן אָנגריף און צוריקטריט. די דאָזיגע באַדינגונגען זיינען ניט ווייניגער קאָמפּליצירט ווי מלחמה־באַדינגונגען. ווער קאָן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין די דאָזיגע באַדינגונגען, ווער קאָן געבן אַ ריכטיגע אָריענטירונג די מיליאָניגע מאַסן פון פּראָלעטאַריער? קיין איין אַרמיי אויף דער מלחמה קאָן זיך ניט באַגיין אָן אַ דערפאַרענעם שטאַב, אויב זי וויל זיך ניט פאַר׳משפּט׳ן אויף אַ מפּלה. איז דען ניט קלאָר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן זיך אודאי ניט באַגיין אָן אַזאַ שטאַב, אויב ער וויל ניט אָפּגעבן זיך פּשוט אויף צעריסן ווערן דורך זיינע פאַרביסענע שונאים? וואו איז אָבער דער דאָזיגער שטאַב? אַזאַ שטאַב קאָן זיין נאָר די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט. דער אַרבעטער־קלאַס אָן אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, איז ווי אַן אַרמיי אָן אַ שטאַב. די פּאַרטיי — דאָס איז דער שלאַכט־שטאַב פונם פּראָלעטאַריאַט.

די פּאַרטיי קאָן אָבער ניט זיין בלויז דער אַוואַנגאַרד פונם אַרבעטער־קלאַס. זי דאַרף צוזאַמען דערמיט זיין אויך דער אַוואַנגאַרד פונם קלאַס, אַ טייל פונם קלאַס, וואָס זאָל ענג צוזאַמענגעבונדן זיין מיט אים דורך אַלע וואָרצלען פון איר עקזיסטענץ. דער אונטערשייד צווישן דער פאָדערשטער אָפּטיילונג און דער איבעריגער מאַסע פונם אַרבעטער־קלאַס, צווישן די פּאַרטייאישע און אומפּאַרטייאישע קאָן ניט פאַרשווינדן, כל זמן עס וועלן ניט פאַרשווינדן די קלאַסן, כל זמן דער פּראָלעטאַריאַט וועט דערגאַנצט ווערן מיט אָפּשטאַמער פון אַנדערע קלאַסן, כל זמן דער אַרבעטער־קלאַס אינגאַנצן וועט ניט האָבן די מעגלעכקייט זיך אויפצוהויבן ביז צו דער מדרגה פונם אַוואַנגאַרד. די פּאַרטיי וואָלט אָבער אויפגעהערט צו זיין אַ פּאַרטיי, ווען דער דאָזיגער אונטערשייד וואָלט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן איינרייס, ווען זי וואָלט זיך איינשליסן אין זיך אַליין און וואָלט זיך אָפּגעריסן פון די אומפּאַרטייאישע מאַסן. די פּאַרטיי קאָן ניט אָנפירן מיטן קלאַס, אויב זי איז ניט צוזאַמענגעבונדן מיט די אומפּאַרטייאישע מאַסן, אויב עס איז ניטאָ קיין צוזאַמענשלוס צווישן דער פּאַרטיי און די אומפּאַרטייאישע מאַסן, אויב די דאָזיגע מאַסן נעמען ניט אויף איר אָנפירונג, אויב די פּאַרטיי האָט ניט אין די מאַסן קיין מאָראַלישן און פּאָליטישן קרעדיט. ניט לאַנג צוריק זיינען אין אונזער פּאַרטיי אָנגענומען געוואָרן צוויי הונדערט טויזנט נייע מיטגלידער פון צווישן די אַרבעטער. מערקווירדיג איז דאָס, וואָס די מענטשן זיינען ניט אַזוי אַליין געקומען אין דער פּאַרטיי, ווי געשיקט געוואָרן אַהין דורך דער גאַנצער איבעריגער אומפּאַרטייאישער מאַסע, וועלכע האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינם אויפנעם פון די נייע מיטגלידער און וואָס אָן איר באַווילִיגונג זיינען בכלל קיין נייע מיטגלידער ניט אָנגענומען געוואָרן. דער דאָזיגער פאַקט רעדט וועגן דעם, אַז די ברייטע מאַסן אומפּאַרטייאישע אַרבעטער האַלטן אונזער פּאַרטיי פאַר זייער פּאַרטיי, פאַר אַ פּאַרטיי אַ נאָענטע און קרובהישע, וואָס אין איר פאַרברייטערונג און פאַרפעסטיגונג זיינען זיי בלוטיג פאַראינטערעסירט און וואָס איר אָנפירונג פאַרטרויען זיי פרייוויליג זייער גורל. עס איז איבעריג צו דערווייזן, אַז אָן די מאָראַלישע פעדים, וועלכע מען קאָן ניט אָנכאַפּן, וואָס בינדן צוזאַמען די פּאַרטיי מיט די אומפּאַרטייאישע מאַסן, קאָן די פּאַרטיי ניט ווערן אַ באַשליסנדיגע קראַפט פון איר קלאַס. די פּאַרטיי איז אַ ניט־אָפּרייסבאַרער טייל פונם אַרבעטער־קלאַס.

„מיר, — זאָגט לענין, — זיינען אַ פּאַרטיי פון אַ קלאַס, און דעריבער דאַרף כמעט דער גאַנצער קלאַס (און אין קריגס־צייטן, אין אַן עפּאָכע פון בירגער־קריג, אַפילו אַבסאָלוט דער גאַנצער קלאַס) האַנדלען אונטער דער אָנפירונג פון אונזער פּאַרטיי, ער דאַרף צושטיין צו אונזער פּאַרטיי ווי ווייט מעגלעך פעסטער. עס וואָלט אָבער געווען אַ פאַנטאַזיע און „עקיזם" צו מיינען, אַז כמעט דער גאַנצער קלאַס אָדער דער גאַנצער קלאַס קאָן ווען ניט איז ביים קאַפּיטאַליזם זיך אויפהויבן ביז דער באַוואוסטזיניגקייט און אַקטיווקייט פון זיין אַוואַנגאַרד, פון זיין פּאַרטיי. קיין איין פאַרנינפטיגער סאָציאַליסט האָט ניט געצווייפלט דערין, אַז ביים קאַפּיטאַליזם איז אַפילו אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע (וועלכע איז מער פּרימיטיוו, מער צוטרעטלעך פאַרן באַוואוסטזיין פון די ניט־אַנטוויקלטע שיכטן) ניט אימשטאַנד אַרומצוכאַפּן כמעט דעם גאַנצן אָדער דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. עס וואָלט געהייסן נאַר אָפּנאַרן זיך, פאַרמאַכן די אויגן אויף דער גוואַלטקייט פון אונזערע אויפגאַבן, פאַרשמעלערן די דאָזיגע אויפגאַבן, ווען מיר וואָלטן פאַרגעסן וועגן דעם חילוק צווישן דעם אַוואַנגאַרד און די גאַנצע מאַסן, וועלכע ציען זיך צו אים, פאַרגעסן וועגן דער שטענדיגער פליכט פונם אַוואַנגאַרד אויפצוהויבן אַלץ ברייטערע און ברייטערע שיכטן ביז דער מדרגה פון דעם אַוואַנגאַרד."
(זע: „אַ טריט פאָראויס".)

2. די פּאַרטיי, אַלס אָרגאַניזירטער אָפּטייל פונם אַרבעטער־קלאַס. די פּאַרטיי איז ניט בלויז דער אַוואַנגאַרד פונם אַרבעטער־קלאַס. אויב זי וויל ווירקלעך אָנפירן מיטן קאַמף פונם קלאַס, דאַרף זי צוזאַמען דערמיט זיין אַן אָרגאַניזירטער אָפּטייל פון איר קלאַס. די אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי ביי די באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליזם זיינען זייער גרויס און פאַרשיידנאַרטיג. די פּאַרטיי דאַרף אָנפירן מיטן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט ביי העכסט שווערע באַדינגונגען פון אינערלעכער און אויסערלעכער אַנטוויקלונג, זי דאַרף פירן דעם פּראָלעטאַריאַט אין אָנגריף, ווען די סיטואַציע פאָדערט אָנגריף, זי דאַרף אַרויספירן דעם פּראָלעטאַריאַט פון אונטערן קלאַפּ פונם שטאַרקן געגנער, ווען די סיטואַציע פאָדערט, אַז מען זאָל צוריקטרעטן; זי דאַרף אַריינטראָגן אין די מיליאָניגע מאַסן פון ניט־אָרגאַניזירטע אומפּאַרטייאישע אַרבעטער דעם גייסט פון דיסציפּלין און פּלאַנמעסיגקייט אין קאַמף, דעם גייסט פון אָרגאַניזירטקייט און אויסגעהאַלטנקייט. די פּאַרטיי קאָן אָבער אויספירן די דאָזיגע אויפגאַבן נאָר אין דעם פאַל, ווען זי אַליין איז די פאַרקערפּערונג פון דיסציפּלין און אָרגאַניזירטקייט, אויב זי אַליין איז אַן אָרגאַניזירטער אָפּטייל פונם פּראָלעטאַריאַט. אָן די באַדינגונגען קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן ווירקלעכער אָנפירונג מצד דער פּאַרטיי מיט די מיליאָניגע מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי איז דער אָרגאַניזירטער אָפּטייל פונם אַרבעטער־קלאַס.

דער געדאַנק וועגן דער פּאַרטיי, אַלס אָרגאַניזירטעם גאַנצעם, איז פאַרפעסטיגט געוואָרן אין לענינ'ס באַרימטער פאָרמולירונג פון דעם ערשטן פּונקט פונם סטאַטוט פון אונזער פּאַרטיי, וואו די פּאַרטיי ווערט באַטראַכט ווי אַ סומע אָרגאַניזאַציעס און די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי — ווי מיטגלידער פון איינער פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. די מענשעוויקעס, וועלכע זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דער דאָזיגער פאָרמולירונג נאָך אין 1903 יאָר, האָבן אָנשטאָט איר פאָרגעלייגט אַ „סיסטעם" פון זעלבסטפאַררעכענען זיך אין דער פּאַרטיי, אַ „סיסטעם" פון פאַרשפּרייטן דעם „נאָמען" פּאַרטיי־מיטגליד אויף יעדן „פּראָפעסאָר" און יעדן „גימנאַזיסט", יעדן „מיטפילנדיגן" און יעדן

„סטרייקער", וועלכער שטיצט אזוי אָדער אַנדערש די פּאַרטיי, אָבער ער גייט ניט אַריין און וויל ניט אַריינגיין אין קיין איינער פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. עס איז איבעריג צו דערוויזן, אַז די דאָזיגע אָריגינעלע „סיסטעם", ווען זי וואָלט זיך פאַרפעסטיגט אין אונזער פּאַרטיי, וואָלט זי אומפאַרמיידלעך געבראַכט דערצו, אַז אונזער פּאַרטיי וואָלט איבערפילט געוואָרן מיט פּראָפעסאָרן און גימנאַזיסטן, און זי וואָלט דעגענערירט אין אַ צעשוואָומענער, ניט אויספאָרמירטער, דעזאָרגאַניזירטער „אויסבילדונג", וואָס ווערט פאַרלאָרן אינם ים „מיטפילנדיגע", וואָס פאַרווישט דעם גרעניץ צווישן דער פּאַרטיי און דעם קלאַס און וואַרפט אום די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי אויפצוהויבן די ניט־אָרגאַניזירטע מאַסן ביז דער מדרגה פונם אַוואַנגאַרד. ניטאָ וואָס צו ריידן, אַז ביי אַזאַ אַפּאָרטוניסטישער „סיסטעם" וואָלט אונזער פּאַרטיי ניט געקאָנט אויספירן די ראָלע פון אַן אָרגאַניזירנדיגן קערן פונם אַרבעטער־קלאַס אינם גאַנג פון אונזער רעוואָלוציע.

„פון מאַרטאָוו'ס שטאַנדפּונקט, — זאָגט לענין, — פאַרבלייבט דער גרעניץ פון דער פּאַרטיי אינגאַנצן אַן אומבאַשטימטער, ווייל „יעדער סטרייקער" קאָן „זיך דערקלערן פאַר אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי". וואָס פאַר אַ נוצן קאָן מען האָבן פון אַזאַ צעשוואָומענקייט? אַ ברייטע פאַרשפּרייטונג פונם „נאָמען". דער שאָדן אירער באַשטייט אינם אַריינטראָגן די דעזאָרגאַניזירנדיגע אידייע וועגן צונויפמישן דעם קלאַס און די פּאַרטיי." (זע: „אַ טריט פאָראויס".)

די פּאַרטיי איז אָבער ניט בלויז אַ סומע פון פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס. די פּאַרטיי איז צוזאַמען דערמיט אַן איינהייטלעכע סיסטעם פון די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס, זייער פאָרמעלע פאַראייניגונג אין אַן איינהייטלעך גאַנצעס, מיט העכערע און נידעריגערע אָנפירנדיגע אָרגאַנען, מיט דער אונטערגעוואָרפנקייט פון דער מינדערהייט אונטער דער מערהייט, מיט פּראַקטישע באַשלוסן, וועלכע זיינען פאַרפליכטנדיגע פאַר אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער. אָן די באַדינגונגען איז די פּאַרטיי ניט אימשטאַנד צו זיין אַן איינהייטלעך־אָרגאַניזירט גאַנצעס, וואָס זאָל זיין פייאיג צו פאַרווירקלעכן די פּלאַנמעסיגע און אָרגאַניזירטע אָנפירונג מיטן קאַמף פונם אַרבעטער־קלאַס.

„פריער, — זאָגט לענין, — איז אונזער פּאַרטיי ניט געווען קיין פאָרמעל אָרגאַניזירט גאַנצעס, נאָר אַ סומע פון באַזונדערע גרופּן און דעריבער האָבן קיין אַנדערע באַציאונגען צווישן די דאָזיגע גרופּן, ווי געגנזייטיגע אידייאישע ווירקונג, אַפילו ניט געקאָנט זיין. איצט זיינען מיר געוואָרן אַן אָרגאַניזירטע פּאַרטיי, און דאָס באַדייט די באַשאַפונג פון אַ מאַכט, דאָס פאַרוואַנדלען דעם אויטאָריטעט פון אידייען אין אַן אויטאָריטעט פון מאַכט, דאָס אונטערוואַרפן זיך אונטער די העכערע פּאַרטייאישע אינסטאַנצן מצד די נידעריגערע." (זע אין זעלביגן ווערק.)

דער פּרינציפּ פון אונטערוואַרפן זיך דערמערהייט מצד דער מינדערהייט, דער פּרינציפּ פון אָנפירן מיט דער פּאַרטייאישער אַרבעט פון צענטער רופט ניט זעלטן אַרויס אָנפאַלן מצד די ניט־שטאַנדהאַפטיגע עלעמענטן, באַשולדיגונגען אין „ביוראָקראַטיזם", „פאָרמאַליזם" א. אז. וו. עס איז איבעריג צו דערוויזן, אַז די פּלאַנמעסיגע אַרבעט פון דער פּאַרטיי אַלס גאַנצעס און די אָנפירונג מיטן קאַמף פונם אַרבעטער־קלאַס וואָלטן אוממעגלעך געווען אָן דער דורכפירונג פון די דאָזיגע פּרינציפּן. דער לעניניזם אין דער אָרגאַניזאַציאָנאַלער פראַגע באַדייט אָנאָפּנויגבאַרע דורכפירונג פון די דאָזיגע פּרינ־

ציגן. דעם קאמף מיט די דאָזיגע פּרינציפּן רופט לענין „רוסישער ניהיליזם"*), און „פּריצישער אַנאַרכיזם", וועלכע פּאָרדינגען, אַז מען זאָל זיי אויסלאַכן און אַוועקוואַרפן.

אָט וואָס עס זאָגט לענין וועגן די דאָזיגע ניט־שטאַנדהאַפטיגע עלעמענטן אין זיין בוך „אַ טריט פאָראויס":

„דער רוסישער ניהיליסט האָט באַזונדערס בטבע דעם דאָזיגן פּריצישן אַנאַרכיזם. די פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע זעט אים אויס צו זיין אַ גרויזאַמע „פאַבריק", דאָס אונטערוואַרפן זיך פון אַ טייל אונטער דעם גאַנצן און פון דער מינדערהייט אונטער דער מערהייט, דאַכט זיך אים אויס ווי אַ „פאַר־שקלאַפונג", די פאַרטיילונג פון דער אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון צענטער רופט פון זיין זייט אַרויס טראַגי־קאָמישע געשרייען קעגן פאַרוואַנדלען די מענטשן אין „רעדלעך און שרייפעלעך", די דערמאָנונג וועגן אָרגאַני־זאַציאָנעלן סטאַטוס פון דער פּאַרטיי רופט אַרויס אַ פאַראַכטונג־העויה און אַ גרינגשעצנדיגע באַמערקונג, אַז מען וואָלט זיך געקאָנט באַגיין אינגאַנצן אָן אַ סטאַטוט... דאַכט זיך, קלאָר, אַז די געשרייען וועגן כלומרשטן ביוראָ־קראַטיזם איז אָן איינפאַכער צודעק פאַר דער אומצופרידנהייט מיטן פער־זענלעכן באַשטאַנד פון די צענטערן, אַז ס'איז אַ פייגנבלעטל... דו ביזט אַ ביוראָקראַט, ווייל דו ביזט באַשטימט דורכן צוזאַמענפאָר ניט לויט מיין ווילן, נאָר קעגן אים; דו ביזט אַ פאָרמאַליסט, ווייל דו שטיצסט זיך אויפן פאָרמעלן באַשלוס פונם צוזאַמענפאָר, און ניט אויף מיין הסכמה; דו באַ־גייסט זיך גראָב, מעכאַניש, ווייל דו באַרופסט זיך אויף דער „מעכאַנישער" מערהייט פונם פאַרטיי־צוזאַמענפאָר און רעכנסט זיך ניט מיט מיין ווילן צו ווערן קאָאָפּטירט; דו ביזט אַן אַליינהערשער, ווייל דו ווילסט ניט אָפּגעבן די מאַכט אין די הענט פון דער אַלטער, וואווילער קאָמפּאַניע." **)

3. די פּאַרטיי, אַלס העכסטע פאָרם פון קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי איז אַן אָרגאַניזירטע גרופּע פונם אַרבעטער־קלאַס. די פּאַרטיי איז אָבער ניט די איינציגע אָרגאַניזאַציע פונם אַרבעטער־קלאַס. דער פּראָלעטאַריאַט האָט נאָך אַ גאַנצע ריי אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, אָן וועלכע ער קאָן ניט פירן קיין ריכטיגן קאַמף מיטן קאַפּיטאַל: פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קאָאָפּעראַטיוון, פאַבריק־זאַוואָדישע אָרגאַניזאַציעס, פּאַרלאַמענט־פראַקציעס, אומפּאַרטייאישע פרויען־פאַראייניגונגען, פּרעסע, קולטורעל־אויפ־קלערישע אָרגאַניזאַציעס, יוגנט־פאַראיינען, רעוואָלוציאָנערע שלאַכט־אָרגאַניזאַציעס (בשעת אָפענע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען), דעפּוטאַטן־ראַטן, אַ מלוכה'שע פאָרם פון אָרגאַניזאַציע (אויב דער פּראָלעטאַריאַט שטייט ביי דער מאַכט), א. אז. וו. די גוואַלטיגע מערהייט פון די דאָזיגע אָרגאַני־זאַציעס זיינען אומפּאַרטייאישע, און נאָר אַ געוויסער טייל פון זיי שטייט צו דירעקט צו דער פּאַרטיי אָדער בילדעט אירע אָן אָפּצווייגונג. די אַלע אָרגאַני־זאַציעס זיינען ביי באַשטימטע באַדינגונגען נויטיג פאַרן אַרבעטער־קלאַס, ווייל אָן זיי איז אוממעגלעך צו פאַרפעסטיגן די קלאַסן־פּאָזיציע פונם פּראָ־

---

*) אַ באַוועגונג, וואָס אָנערקענט ניט קיין אויטאָריטעט און קיין דיסציפּלין.

**) עס רעדט זיך וועגן דער „קאָמפּאַניע" אַקסעלראָד, מאַרטאָוו, פּאָטרעסאָוו א. אַנד., וועלכע האָבן זיך ניט אונטערגעוואָרפן אונטער די באַשלוסן פונם צווייטן צוזאַמענפאָר און האָבן באַשולדיגט לענינ'ען אין ביוראָקראַטיזם. (י. סטאַלין).

לעטאַריאַט אין די פֿאַרשיידנאַרטיגע קאַמף־ספֿערן, ווייל אָן זיי איז אוממעגלעך צו פֿאַרהאַרטעווען דעם פּראָלעטאַריאַט, ווי אַ קראַפֿט, וואָס איז באַרופֿן צו פֿאַרבייטן די בורזשואַזע אָרדענונגען אויף סאָציאַליסטישע אָרדענונגען. אָבער ווי אַזוי קאָן מען פֿאַרווירקלעכן די איינהייטלעכע אָנפֿירונג ביי אַזאַ גרויסער צאָל אָרגאַניזאַציעס? וואו איז די גאַראַנטיע, אַז די אָנוועזנהייט פֿון אַזאַ גרויסער צאָל אָרגאַניזאַציעס וועט ניט ברענגען צו ניט־צונויפֿגעשטימטקייט אין דער אָנפֿירונג? מען וועט אפֿשר זאָגן, אַז יעדע פֿון די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס פֿירט אָן אַרבעט אין איר באַזונדערער ספֿערע און אַז זיי קאָנען דעריבער ניט שטערן איינע דער אַנדערער. דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, ריכטיג. ריכטיג איז אָבער אויך דאָס, אַז די אַלע אָרגאַניזאַציעס דאַרפֿן פֿירן די אַרבעט אין איין ריכטונג, ווייל זיי באַדינען איין קלאַס, דעם קלאַס פּראָלעטאַריער. פֿרעגט זיך: ווער באַשטימט די ליניע, די אַלגעמיינע ריכטונג, לויט וועלכער עס דאַרפֿן פֿירן זייער אַרבעט די אַלע אָרגאַניזאַציעס? וואו איז די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס, פֿאַרמאָגנדיג די נויטיגע דערפֿאַרונג, איז ניט בלויז פֿעיאיג אויסצואַרבעטן אָט די אַלגעמיינע ליניע, נאָר, האָבנדיג דערצו דעם נויטיגן אויטאָריטעט, האָט זי נאָך אויך די מעגלעכקייט צו ווירקן אויף די אַלע אָרגאַניזאַציעס, אַז זיי זאָלן דורכפֿירן אין לעבן די דאָזיגע ליניע, כדי צו דערשלאָגן זיך צו איינהייטלעכקייט אין דער אָנפֿירונג און אויסשליסן די מעגלעכקייט פֿון יעטווידן אָפּהאַלט?

אַזאַ מין אָרגאַניזאַציע איז די פּאַרטיי פֿון פּראָלעטאַריאַט.

די פּאַרטיי האָט דערצו אַלע מעלות, ערשטנס דערפֿאַר, ווייל די פּאַרטיי איז דער זאַמלפּונקט פֿון די בעסערע עלעמענטן פֿונם קלאַס, וואָס האָבן דירעקטע פֿאַרבינדונגען מיט די אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס פֿון פּראָלעטאַריאַט און וואָס זייער אָפֿט פֿירן זיי מיט זיי אָן; צווייטנס, דערפֿאַר, ווייל די פּאַרטיי, אַלס אַ זאַמלפּונקט פֿון די בעסערע מענטשן פֿונם אַרבעטער־קלאַס, איז די בעסטע שול אויף אויסצואַרבעטן פֿירער פֿונם אַרבעטער־קלאַס, וועלכע זאָלן פֿעיאיג זיין אָנצופֿירן מיט אַלע פֿאָרמען פֿון אָרגאַניזאַציע פֿון זייער קלאַס; דריטנס, דערפֿאַר, ווייל די פּאַרטיי, אַלס די בעסטע שול פֿאַר די פֿירער פֿונם אַרבעטער־קלאַס, איז לויט איר דערפֿאַרונג און אויטאָריטעט די איינציגע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פֿעיאיג צו צענטראַליזירן די אָנפֿירונג מיטן קאַמף פֿונם פּראָלעטאַריאַט און פֿאַרוואַנדלען, אַזוי אַרום, אַלע און אַלערליי אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס פֿונם אַרבעטער־קלאַס אין באַדינענדיגע אָרגאַנען און טראַנסמיסיעס, וועלכע פֿאַרבינדן זי מיטן קלאַס. די פּאַרטיי איז די העכסטע פֿאָרם פֿון קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פֿונם פּראָלעטאַריאַט.

דאָס הייסט ניט, פֿאַרשטייט זיך, אַז די אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, די טרייד־יוניאָנס, קאָאָפּעראַטיוון, א. אַז. וו., דאַרפֿן פֿאָרמעל זיין אונטערגעוואָרפֿן אונטער דער פּאַרטייאישער אָנפֿירונג. עס האַנדלט זיך נאָר וועגן דעם, אַז די פּאַרטיי־מיטגלידער, וועלכע גייען אַריין אין די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס, זאָלן ווי מענטשן, אָן ספֿק איינפֿלוסרייכע, אָננעמען אַלע איבערצייגונגס־מיטלען, אַז די אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס זאָלן אין זייער אַרבעט זיך דערנעענטערן צו דער פּאַרטיי פֿון פּראָלעטאַריאַט און זאָלן פֿרייוויליג אָננעמען איר פּאָליטישע אָנפֿירונג.

אָט פֿאַרוואָס לענין זאָגט, אַז „די פּאַרטיי איז די העכסטע פֿאָרם פֿון קלאַסן־פֿאַראייניגונג פֿון די פּראָלעטאַריער”, וואָס איר פּאָליטישע אָנפֿירונג דאַרף פֿאַרשפּרייט ווערן אויף אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציע־פֿאָרמען פֿונם פּראָ־

לעטאַריאַט.״ (זע : „די קינדערשע קראַנקהייט״.)

אָט פאַרוואָס די אָפּאָרטוניסטישע טעאָריע וועגן „אומאָפּהענגיגקייט״ און „נייטראַליטעט״ פון די אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פּרוכּ־פּערט און מערט די צאָל אומאָפּהענגיגע פּאַרלאַמענטאַריער און אָפּגעריסענע פון דער פּאַרטיי פּרעסע־טוער, שמאָלקעפּיקע פּראָפעסיאָנאַליסטן און פאַר־קליינבירגערטע קאָאָפּעראַטאָרן — קאָן אינגאַנצן ניט צונויפגעפּאָרט ווערן מיט דער טעאָריע און פּראַקטיק פון לעניניזם.

4. די פּאַרטיי אַלס געצייג פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי איז די העכסטע פאָרם פון אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי איז דער אָנפירנדיגער גרונט־פּרינציפּ אינם קלאַס פּראָלעטאַריער און צווישן די אָרגאַניזאַציעס פון דעם דאָזיגן קלאַס. דערפון איז אָבער בכלל ניט געדרונגען, אַז די פּאַרטיי קאָן מען באַטראַכטן ווי אַ זעלבסט־ציל, ווי אַ זעלבסטוועדטיגע קראַפט. די פּאַרטיי איז ניט בלויז די העכסטע פאָרם פון קלאַסן־פאַראייניגונג פונם פּראָלעטאַריאַט — זי איז צוזאַמען דערמיט אַ געצייג אין די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט אויף צו דעראָבערן די דיקטאַטור, ווען זי איז נאָך ניט דעראָבערט, אויף צו פאַרברייטערן און פאַרפעסטיגן די דיקטאַטור, ווען זי איז שוין דעראָבערט. די פּאַרטיי וואָלט זיך ניט געקאָנט אויפהויבן אַזוי הויך אין איר באַדייטונג און זי וואָלט ניט געקאָנט פאַר־דעקן מיט זיך אַלע איבעריגע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען פונם פּראָלעטאַריאַט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט ניט געשטאַנען פאַר דער פראַגע וועגן מאַכט, ווען די באַדינגונגען פון אימפּעריאַליזם, די אומפאַרמיידלעכקייט פון מלחמות, די אָנוועזנהייט פון אַ קריזיס וואָלטן ניט געפאָדערט די קאָנצענטראַציע פון אַלע כחות פונם פּראָלעטאַריאַט אין איין פּונקט, די קאָנצענטרירונג פון אַלע פעדים פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין איין אָרט צוליב דעם, אַז עס זאָל געשטירצט ווערן די בורזשואַזיע און דעראָבערט ווערן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי איז נויטיג פאַרן פּראָלעטאַריאַט פריער פאַר אַלץ ווי זיין אייגענער שלאַכט־שטאַב, וועלכער איז נויטיג צוליב דערפאָלג־רייכן פאַרכאַפּן די מאַכט. עס איז איבעריג צו דערווייזן, אַז אָן אַ פּאַרטיי, וועלכע איז פייאיג צוזאַמענצוקלייבן אַרום זיך אַלע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פונם פּראָלעטאַריאַט און צענטראַליזירן אינם גאַנג פון קאַמף די אָנפירונג מיט דער גאַנצער באַוועגונג, וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד ניט געקאָנט פאַרווירקלעכן זיין רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור.

די פּאַרטיי איז אָבער נויטיג דעם פּראָלעטאַריאַט ניט בלויז אויף צו דער־אָבערן די דיקטאַטור, זי איז אים נאָך מער נויטיג אויף איינצוהאַלטן די דיקטאַטור, פאַרפעסטיגן און פאַרברייטערן זי אין די אינטערעסן פון דעם פולן זיג פון סאָציאַליזם.

„אודאי זעט שוין איצט כמעט יעדערער, — זאָגט לענין, — אַז די באָלשעוויקעס וואָלטן זיך ניט איינגעהאַלטן ביי דער מאַכט ניט נאָר צוויי מיט אַ האַלב יאָר, נאָר. אפילו צוויי מיט אַ האַלבן חדשים, ווען ניט די שטרענגסטע, באמת אייזערנע דיסציפּלין אין אונזער פּאַרטיי, ווען ניט די פולסטע און גרעניצלאָזע אונטערשטיצונג אירע מצד דער גאַנצער מאַסע פונם אַרבעטער־קלאַס, ד. ה. מצד דעם אַלעם, וואָס, אין איר איז פאַראַן דענקענ־דיגעס, ערלעכעס, מסירת־נפש׳דיגעס, ווירקפולעס, פייאיגעס צו פירן נאָך זיך אָדער מיטציען די אָפּגעשטאַנענע שיכטן.״ (זע: „די קינדערשע קראַנקהייט״.)

וואָס הייסט אָבער „איינהאַלטן״ און „פאַרברייטערן״ די דיקטאַטור?

דאָס הייסט — אריינברייננגען אין די מיליאָניגע מאסן פראָלעטאריער דעם גייסט פון דיסציפּלין און אָרגאַניזירטקייט, דאָס הייסט — באשאפן אין די פּראָלעטארישע מאסן א באפעסטיגונג און אָנהאלט געגן דער פאַרדאַרבנדיגער ווירקונג פון דער קליינבירגערלעכער קראַפט און געגן די קליינבירגערלעכע געוואוינהייטן; דאָס הייסט — פאַרקרעפטיגן די אָרגאַניזאַטאָרישע ארבעט פון די פּראָלעטאריער אין פּרט פון איבערדערציען און איבערמאכן די קליינ־בירגערלעכע שיכטן; דאָס הייסט — העלפן די פּראָלעטארישע מאסן צו דערציען זיך, ווי א קראַפט, וועלכע איז פּייאיג צו פאַרניכטן די קלאַסן און צוגרייטן באדינגונגען פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע. אָבער דאָס אַלץ דורכמאכן איז אוממעגלעך אָן א פּאַרטיי, וועלכע זאָל זיין שטאַרק דורך באהעפטיגקייט און דיסציפּלין.

„די דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאַט, — זאָגט לענין, — איז אַן עקשנות־דיגער קאַמף, א בלוטיגער און בלוטלאָזער, אַן איבערגוואַלטיגער און פריד־לעכער, א מיליטערישער און ווירטשאַפטלעכער, א פּעדאַגאָגישער און אַדמיניסטראַטאָרישער, געגן די כחות און טראַדיציעס פון דער אַלטער געזעל־שאַפט. די קראַפט פון געוואוינהייט פון מיליאָנען און צענדליגער מיליאָנען — איז די סאַמע שרעקלעכסטע קראַפט. אָן א פּאַרטיי, אַן אייזערנער און פאַרהאַרטעוועטער אין קאַמף, וועלכע האָט דעם צוטרוי פון אַלץ, וואָס איז ערלעך אינם געגעבענעם קלאַס, אָן א פּאַרטיי, וועלכע קאָן נאָכשפּירן נאָך דער שטימונג פון די מאסן און ווירקן אויף איר — איז פירן אזא קאַמף אוממעגלעך.“ (זע: „די קינדערשע קראַנקהייט“.)

די פּאַרטיי איז נויטיג פאַר דעם פּראָלעטאריאַט, כדי ער זאָל קאָנען דעראָבערן און איינהאַלטן די דיקטאַטור. די פּאַרטיי איז א געצייג פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאַט.

דערפון איז אָבער געדרונגען, א מיט דער פאַרשווינדונג פון קלאַסן, מיטן אָפּשטאַרבן פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאַט, דאַרף אָפּשטאַרבן אויך די פּאַרטיי.

5. די פּאַרטיי, אַלס איינהייטלעכקייט פון ווילן, וואָס קאָן ניט צוזאַמ־געפּאָרט ווערן מיט עקזיסטענץ פון פראַקציעס. דעראָבערן און איינהאַלטן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאַט איז אוממעגלעך אָן א פּאַרטיי, וועלכע איז שטאַרק מיט איר צוזאַמענבאהעפטקייט און אייזערנער דיסציפּלין. אָבער אַן אייזערנע דיסציפּלין אין דער פּאַרטיי איז אומדענקבאַר אָן דער איינהייט־לעכקייט פון ווילן, אָן דער פולער און אומבאַדינגטער איינהייטלעכקייט פון טאַט פון אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער. דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז דער־מיט אַליין ווערט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון א מיינונגען־שטרייט אינעווייניג אין דער פּאַרטיי. פאַרקערט, אייזערנע דיסציפּלין שליסט ניט אויס, נאָר זי זעצט פאָראויס קריטיק און מיינונגען־שטרייט אין דער פּאַרטיי. נאָך ווייניגער באַדייט עס ניט, אַז די דיסציפּלין דאַרף זיין א „בלינדע“. פאַרקערט, די אייזערנע דיסציפּלין שליסט ניט אויס, נאָר זי איז אויסגערעכנט אויף דער באוואוסטזיניגקייט און פרייווילינגקייט פון אונטערוואַרפן זיך, ווייל נאָר א באַ־וואוסטזיניגע דיסציפּלין קאָן באמת זיין אַן אייזערנע. אָבער נאָכדעם, ווי דער מיינונגען־שטרייט איז פאַרענדיגט, די קריטיק איז אויסגעשעפּט און דער באשלוס איז אָנגענומען געוואָרן, איז די איינהייטלעכקייט פון ווילן און די איינהייטלעכקייט פון טאַט פון אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער דער נויטווענדיגער

באַדינג, וואָס אָן אים איז אומדענקבאַר סיי אַן איינהייטלעכע פּאַרטיי, סיי אַן אייזערנע דיסציפּלין אין דער פּאַרטיי.

„אין דער איצטיגער עפּאָכע פון פאַרשאַרפטן בירגער־קריג, — זאָגט לענין, — וועט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי קאָנען אויספירן איר חוב נאָר אין דעם פאַל, אויב זי וועט אָרגאַניזירט זיין אויפן סאַמע צענטראַליסטישן אופן, אויב אין איר וועט הערשן אַן אייזערנע דיסציפּלין, וועלכע גרעניצט מיט אַ מיליטערישער דיסציפּלין, און אויב איר פּאַרטיי־צענטער וועט זיין אַ מאַכט־פולער אוטאָריטעטער אָרגאַן מיט ברייטע פולמאַכטן, וואָס האָט דעם אַל־געמיינעם צוטרוי פון די פּאַרטיי־מיטגלידער.” (זע: „די באַדינגונגען פון אויפנאַם אין קאָמינטערן”.)

אזוי האַלט עס מיט דער דיסציפּלין אין דער פּאַרטיי ביי די באַדינגונגען פון קאַמף פאַר דער דעראָבערונג פון דער דיקטאַטור.

דאָס זעלביגע, אָבער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, דאַרף מען זאָגן וועגן דער דיסציפּלין אין דער פּאַרטיי נאָך דער דעראָבערונג פון דער דיקטאַטור.

„ווער עס שוואַכט כאָטש וויפיל ניט איז אָפּ, — זאָגט לענין, — די אייזערנע דיסציפּלין אין דער פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט (באַזונדערס אין דער צייט פון זיין דיקטאַטור), דער העלפט פאַקטיש דער בורזשואַזיע געגן דעם פּראָלעטאַריאַט.” (זע: „די קינדערשע קראַנקהייט”.)

דערפון איז אָבער געדרונגען, אַז די עקזיסטענץ פון פראַקציעס קאָן ניט צונויפגעפּאָרט ווערן ניט מיט דער איינהייטלעכקייט פון דער פּאַרטיי, ניט מיט איר אייזערנער דיסציפּלין. עס איז איבעריג צו דערווייזן, אַז די אָנוועזנהייט פון פראַקציעס פירט צו דער עקזיסטענץ פון עטלעכע צענטרען, די עקזיסטענץ ווידער פון עטלעכע צענטרען באַטייט דאָס פעלן פון אַן אַל־געמיינעם צענטער אין דער פּאַרטיי, די צעשפּליטערונג פונם איינהייטלעכן ווילן, די אָפּשוואַכונג און צעפאַלונג פון דער דיסציפּלין, די אָפּשוואַכונג און דעמאָראַליזאַציע פון דער דיקטאַטור. פאַרשטייט זיך, די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע זיינען געגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און ווילן ניט פירן די פּראָלעטאַריער צו דער מאַכט, קאָנען זיך דערלויבן אַזאַ ליבעראַליזם, ווי פרייהייט פון פראַקציעס, ווייל זיי נויטיגן ז יך גאָר ניט אין קיין אייזערנער דיסציפּלין. אָבער די פּאַרטייען פונם קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל, וועלכע בויען זייער אַרבעט אויפן גרונט פון די אויפגאַבן פון דעראָבערן און פאַרפעסטיגן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, קאָנען ניט גיין ניט אויף „ליבעראַליזם”, ניט אויף פרייהייט פון פראַקציעס. די פּאַרטיי איז אַן איינהייטלעכקייט פון ווילן, וועלכע שליסט אויס יעדן פראַקציאָנאַליזם און צעשפּליטערונג פון דער מאַכט אין דער פּאַרטיי.

דערפון נעמט זיך לענינ׳ס דערקלערונג וועגן דער „געפאַר פון פראַקציאָ־נאַליזם פון שטאַנדפּונקט פון איינהייטלעכקייט פון דער פּאַרטיי און פון דער פאַרווירקלעכונג פונם איינהייטלעכן ווילן פונם אוואַנגאַרד פון פּראָלעטאַריאַט, אַלס גרונט־באַדינג פאַרן דערפאָלג פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט”, וואָס איז פאַרפעסטיגט געוואָרן אין דער ספּעציעלער רעזאָלוציע פונם צענטן צוזאַמענפאָר פון אונזער פּאַרטיי „וועגן דער איינהייטלעכקייט פון דער פּאַרטיי”.)

דערפון נעמט זיך לענינ׳ס פאָדערונג וועגן דער „פולער פאַרניכטונג פון אַלע, פון יעטווידער פראַקציאָנעלקייט”, און דעם „באַלדיגן פאַנאַנדערלאָזן אַלע אַן אויסנאַם גרופּן, וועלכע האָבן זיך געבילדעט אויף דער אָדער יענער

פּלאַטפאָרם", מיט דער וואָרנונג פון דער „אומבאַדינגטער און באַלדיגער אויסשליסונג פון דער פּאַרטיי". (זע די רעזאָלוציע „וועגן דער איינהייטלעכקייט פון דער פּאַרטיי".)

6. די פּאַרטיי ווערט פאַרשטאַרקט דורך דעם, וואָס זי רייניגט זיך אָפּ פון אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן. דער קוואַל פון פראַקציאָנאַליזם אין דער פּאַרטיי זיינען אירע אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן. דער פּראָלעטאַריאַט איז ניט קיין אָפּגעשלאָסענער קלאַס. צו אים פליסן אָן אויפהער אָפּשטאַמער פון פּויערים, בורזשואַ, אינטעליגענטן, וועלכע זיינען פּראָלעטאַריזירט געוואָרן דורך דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם. גלייכצייטיג קומט פאָר אַ דעמאָראַליזירונג־פּראָצעס אין די אויבערשטע שיכטן פונם פּראָלעטאַריאַט, הויפּטזאַכלעך פון צווישן די פּראָפעסיאָנאַליסטן און פּאַרלאַמענטאַריער, וועלכע ווערן אונטערגעהאָדעוועט דורך דער בורזשואַזיע אויפן חשבון פון די קאָלאָניאַלע אויבער־פּראָפיטן. „דער דאָזיגער שיכט פאַרבורזשואַזעוועטע אַרבעטער, — זאָגט לענין, — אָדער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז אינגאַנצן אַ באַלעבאַטישער לויט זיין אַרט לעבן, לויט דער גרויס פון זיינע פאַרדינסטן, לויט זיין גאַנצער וועלט־אָנשויאונג — איז די הויפּט־שטיצע פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, און אין אונזער צייט — די צענטראַלע סאָציאַלע (ניט מיליטערישע) שטיצע פון דער בורזשואַזיע. ווייל דאָס זיינען אמתע אַגענטן פון דער בורזשואַזיע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַרבעטער־אָנגעשטעלטע פונם קלאַס קאַפּיטאַליסטן, אמת'ע דורכפירער פונם רעפאָרמיזם און שאָוויניזם." (זע: „אימפּעריאַליזם".)

אָט די אַלע קליינבירגערלעכע גרופּן דרינגען אַזוי אָדער אַנדערש אַריין אין דער פּאַרטיי, אַריינטראָגנדיג אַהין דעם גייסט פון וואַקלעניש און אָפּאָרטוניזם, דעם גייסט פון דעמאָראַליזאַציע און אומזיכערקייט. זיי זיינען עס, הויפּטזאַכלעך, דער קוואַל פון פראַקציאָנאַליזם און צעפאַלונג, דער קוואַל פון דעזאָרגאַניזירונג און אויפרייס פון דער פּאַרטיי פון אינעווייניג. מלחמה האַלטן מיטן אימפּעריאַליזם, האָבנדיג הינטער זיך אַזוינע „פאַרבינדעטע", הייסט אַריינפאַלן אין דער לאַגע פון מענטשן, וועלכע ווערן באַשאָסן פון צוויי זייטן — סיי פון פראָנט, סיי פון הינטן. דעריבער איז דער אומרחמנות'דיגער קאַמף מיט אַזוינע עלעמענטן, דאָס פאַרטרייבן זיי פון דער פּאַרטיי — אַ פאָרבאַדינג פאַרן דערפאָלגרייכן קאַמף מיטן אימפּעריאַליזם.

די טעאָריע פון „בייקומען" די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן מיט דער הילף פון אידייאישן קאַמף אינעווייניג אין דער פּאַרטיי, די טעאָריע פון „אויסלעבן" די דאָזיגע עלעמענטן אין די ראַמען פון איין פּאַרטיי איז אַ פוילע און געפערלעכע טעאָריע, וועלכע דראָט צו פאַר'משפּט'ן די פּאַרטיי צו זיין פּאַראַליזירט און כראָניש קראַנק, זי דראָט אָפּצוגעבן די פּאַרטיי פאַר אַ קרבן דעם אָפּאָרטוניזם, זי דראָט צו לאָזן דעם פּראָלעטאַריאַט אָן אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, זי דראָט אָפּצונעמען ביים פּראָלעטאַריאַט דאָס הויפּטגעווער אינם קאַמף מיטן אימפּעריאַליזם. אונזער פּאַרטיי וואָלט ניט געקאָנט אַרויסגיין אויפן וועג, זי וואָלט ניט געקאָנט נעמען די מאַכט און אָרגאַניזירן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, זי וואָלט ניט געקאָנט אַרויס ווי אַ זיגערין פונם בירגער־קריג, ווען זי וואָלט האָבן אין אירע רייען די מאַרטאָווס און דאַנס, די פּאָטרעסאָווס און אַקסעלראָדס.*) אויב אונזער פּאַרטיי האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפן ביי זיך אַן אינערלעכע איינהייטלעכקייט און אומגעוויינ־

לעכע צוזאַמענגעהעפטקייט פון אירע רייען, איז עס פריער פון אַלץ דערפאַר, וואָס זי איז אימשטאַנד געווען באַצייטנס אָפּצורייניגן זיך פון דער אומריינקייט פון אָפּאָרטוניזם, זי איז אימשטאַנד געווען ארויסצוטרייבן פון דער פאַרטיי די ליקווידאַטאָרן **) און מענשעוויקעס. דער וועג פון אַנטוויקלען און פאַרפעסטיגן די פּראָלעטאַרישע פאַרטייען גייט דורך אָפּרייניגן זיי פון אָפּאָרטוניסטן און רעפאָרמיסטן, פון סאָציאַל־אימפעריאַליסטן און סאָציאַל־שאָוויניסטן, סאָציאַל־פאַטריאָטן און סאָציאַל־פאַציפיסטן. די פאַרטיי ווערט פאַרפעסטיגט דורך דעם, וואָס זי רייניגט זיך אָפּ פון אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן.

„האָבנדיג ביי זיך אין די רייען רעפאָרמיסטן, מענשעוויקעס, — זאָגט לענין, — קאָן מען ניט זיגן אין דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, מען קאָן זי ניט פאַרטיידיגן. דאָס איז פּרינציפּיעל קלאָר. דאָס איז אָנשוילעך באַשטעטיגט געוואָרן דורך דער דערפאַרונג פון רוסלאַנד און אונגאַרן... אין רוסלאַנד זיינען פיל מאָל געווען שווערע לאַגעס, ווען עס וואָלט אויף געוויס אראָפּגעוואָרפן געוואָרן דער סאָוועטן־רעזשים, ווען די מענשעוויקעס, רעפאָרמיסטן, קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן וואָלטן פאַרבליבן אינעווייניג אין אונזער פאַרטיי... אין איטאַליע גייט עס, לויט דער אַלגעמיינער אָנערקענונג, צו אַנטשלאָסענע שלאַכטן פונם פּראָלעטאַריאַט מיט דער בורזשואַזיע פאַר דער באַהערשונג פון דער מלוכה־מאַכט. אין אַזאַ מאָמענט איז ניט נאָר אומבאַדינגט נויטיג צו דערווייטערן די מענשעוויקעס, רעפאָרמיסטן, טוראַטיאַנער ***) פון דער פאַרטיי, עס קאָן זיך אויך אַרויסווייזן פאַר נויטיג אַפילו צו דערווייטערן אויסגעצייכנטע קאָמוניסטן, וועלכע זיינען פייאיג זיך צו וואַקלען און וועלכע ווייזן אַרויס וואַקלעניש אין דער ריכטונג פון „איינהייטלעכקייט" מיט די רעפאָרמיסטן, — דערווייטערן זיי פון אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס... ערב דער רעוואָלוציע און אין די מאָמענטן פון סאַמע פאַרביטערטן קאַמף פאַר איר זיג זיינען די קלענסטע וואַקלונגען אין דער פאַרטיי מסוגל זי צו אומברייינגען, אַרונטעררייסן די רעוואָלוציע, אַרויסרייסן די מאַכט פון די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט, ווייל די דאָזיגע מאַכט איז נאָך ניט פעסט, ווייל דער דרוק אויף איר איז נאָך צו שטאַרק. אויב די וואַקלדיגע פירער גייען אַוועק אין אַזאַ צייט, שוואַכט עס ניט אָפּ, נאָר עס פאַרשטאַרקט סיי די פאַרטיי, סיי די אַרבעטער־באַוועגונג, סיי די רעוואָלוציע." (זע: „פאַלשע רייד וועגן פרייהייט".)

---

*) מענשעוויקעס.

**) אַזוינע, וואָס האָבן געוואָלט ליקווידירן די אונטערערדישע פאַרטיי.

***) אָנהייגער פונם אָפּאָרטוניסט טוראַטי.

## ניינטע לעקציע

# דער סטיל פון לעניניסטישער אַרבעט

עס רעדט זיך ניט וועגן ליטעראַרישן סטיל. איך האָב אין זינען דעם סטיל אין דער אַרבעט, דאָס באַזונדערע און אייגנאַרטיגע אין דער פּראַקטיק פון לעניניזם, וואָס באַשאַפט דעם באַזונדערן טיפּ פון אַ לעניניסט — אַ טוער.

דער לעניניזם איז אַ טעאָרעטישע און פּראַקטישע שול, וועלכע אַרבעט אויס אַ באַזונדערן טיפּ פּאַרטייאישן און מלוכה'שן טוער, וועלכע באַשאַפט אַ באַזונדערן לענינשן סטיל אין דער אַרבעט. אין וואָס באַשטייען די כאַראַקטער־שטריכן פון דעם דאָזיגן סטיל? ווי זעען אויס זיינע באַזונדערקייטן?

אַזוי באַזונדערקייטן זיינען פאַראַן צוויי:

1. דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פאַרנעם, און
2. די אַמעריקאַנישע זאַכלעכקייט.

דער סטיל פון לעניניזם באַשטייט אין דער פאַראייניגונג פון די דאָזיגע צוויי באַזונדערהייטן אין דער פּאַרטייאישער און מלוכה'שער אַרבעט.

דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פאַרנעם איז אַ געגן־גיפט געגן דער אינערטקייט, געגן דער רוטינע, קאָנסערוואַטיזם, שטייענדיגקייט פון געדאַנק, שקלאַפערישער באַציאונג צו די זיידישע טראַדיציעס. דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פאַרנעם — דאָס איז די באַלעבנדיגע קראַפט, וועלכע וועקט דעם געדאַנק, רוקט פאָראויס, ברעכט די פאַרגאַנגענהייט, גיט אַ פּערספּעקטיוו. אָן אים איז ניט מעגלעך קיין שום באַוועגונג פאָראויס' ער האָט אָבער אַלע שאַנסן אין דער פּראַקטיק דעגענערירט צו ווערן ביז פּוסטער רעוואָלוציאָנערער מאַנילאָווערייִ (זיס־ריידערייִ), אויב מען זאָל אים ניט פאַראייניגן מיט דער אַמעריקאַנישער זאַכלעכקייט אין דער אַרבעט.

ביישפּילן פון אַזאַ דעגענעראַציע איז פאַראַן אָן אַ שיר. ווער ס'איז דען ניט באַקאַנט די „רעוואָלוציאָנערע" פּאַרפּאַסערייִ און „רעוואָלוציאָנערע" פּלאַנמאַכערייִ, וואָס דער קוואַל דערפון איז דער גלויבן אין דער קראַפט פונם דעקרעט, וועלכער איז בכח אַלץ איינצואָרדענען און אַלץ איבערצומאַכן?

איינער פון די רוסישע שרייבער, אי. ערענבורג, האָט אין אַ דערציילונג „אוסקאָמטשעל" — פאַרקירצונג פון „אוסאָווערשענסטוועני קאָמוניסטישעסקי טשעלאָוועק" (פאַרפולקומטער קאָמוניסטישער מענטש) — באַשריבן אַ טיפּ פון אַ „באָלשעוויק", וועלכער ליידט אויף אַזאַ קרענק און וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אָנצוואַרפן אַ סכעמע פון אַן אידעאַל־פאַרפולקומטן מענטשן און... איז אין דער דאָזיגער „אַרבעט" „פאַרטרונקען" געוואָרן. אין דער דערציילונג איז פאַראַן אַ סך איבערטריבנקייט, אָבער אַז ער כאַפּט ריכטיג אויף די קרענק — איז אָן ספק.

קיינער האָט אָבער, דאַכט זיך, איבער אַזאַ קרענק ניט געשפּאָט אַזוי בייז און אָן רחמנות, ווי לענין. די „קאָמוניסטישע גאווה" — אַזוי האָט ער באַהאַנדלט דעם דאָזיגן קרענקלעכן גלויבן אין פּאַרפּאַסערייִ און דעקרעטן־מאַכערייִ.

„קאָמוניסטישע גאווה הייסט דאָס, — זאָגט לענין, — וואָס אַ מענטש, וועלכער איז אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און איז נאָך פון

דאַרטן ניט אויסגערייניגט געוואָרן, שטעלט זיך פֿאָר, אַז אַלע זיינע אויפֿגאַבן קאָן ער לייזן דורך קאָמוניסטישער דעקרעטירונג.״ (זע די רעדע אויפֿן צו־זאַמענפֿאָר פֿון די פּאָליט־פּראָפּאַגאַנדיסטן.)

געגן דער „רעוואָלוציאָנערער״ פּוסטער קלינגערײַ, האָט לענין געווײַנלעך אַנטגעגנגעשטעלט איינפֿאַכע, וואָכעדיגע מעשׂים, אונטערשטרייכנדיג דערמיט, אַז די „רעוואָלוציאָנערע״ אויסטראַכטעניש איז דערווידער סיי דעם גייסט, סיי דעם וואָרט פֿון אמת׳ן לעניניזם.

„וואָס ווייניגער אויפֿגעבלאָזענע פֿראַזן, — זאָגט לענין, — און וואָס מער איינפֿאַכע וואָכעדיגע אַרבעט... וואָס ווייניגער פּאָליטישן טאַראַראַם, וואָס מער אויפֿמערקזאַמקייט צו די איינפֿאַכסטע, אָבער לעבעדיגע פֿאַקטן פֿון קאָמוניסטישער בויאונג.״ (זע: „דער גרויסער אָנהויב״.)

די אַמעריקאַנישע זאַכלעכקייט איז, פֿאַרקערט, אַ געגן־גיפֿט געגן דער „רעוואָלוציאָנערער״ מאַנילאָווערײַ און פֿאַנטאַסטישע אויסטראַכטעניש. די אַמעריקאַנישע זאַכלעכקייט — דאָס איז די גוואַלדיגע קראַפֿט, וועלכע ווייסט ניט און אָנערקענט ניט קיין מניעות, וועלכע שווענקט אָפּ מיט איר זאַכלעכער איינגעשפּאַרטקייט אַלע און אַלערליי שטערונגען, וועלכע קאָן ניט ניט דערפֿירן ביזן סוף אַ שוין־אָנגעהויבענע זאַך, אויב דאָס איז אַפֿילו ניט קיין גרויסע זאַך, און אָן וועלכער עס איז אומדענקבאַר יעדע ערנסטע אויפֿבויאונגס־אַרבעט.

די אַמעריקאַנישע זאַכלעכקייט האָט אָבער אַלע שאַנסן דעגענערירט צו ווערן אין שמאָלער, פּרינציפּנלאָזער געשעפֿטמאַכערײַ, אויב מען זאָל זי ניט פֿאַראייניגן מיטן רוסישע רעוואָלוציאָנערן פֿאַרנעם.

ווער עמען איז דען ניט באַקאַנט די קרענק פֿון שמאָלן פּראַקטיציזם און פּרינציפּנלאָזער געשעפֿטמאַכערײַ, וועלכע דערפֿירן ניט זעלטן איינציגע „באָל־שעוויקעס״ צו איבערגעבורט און צום אָוועקגיין פֿון דער זאַך פֿון דער רעוואָלוציע.

אָט די אייגנאַרטיגע קרענק האָט באַקומען איר אָפּשפּיגלונג אין דער דערציילונג פֿון ב. פּילניאַק, „דאָס הוילע יאָר״, וואו עס זיינען אויסגעמאָלט טיפּן פֿון רוסישע „באָלשעוויקעס״, וועלכע זיינען פֿול מיט ווילן און פּראַק־טישער אַנטשלאָסנקייט, „פֿוקצירן״ (פֿונקציאָנירן) זייער „ענערגיש״, אָבער זיי פֿאַרמאָגן ניט קיין פּערספּעקטיוו, זיי ווייסן ניט „וואָס וואוהין״ און שלאָגן זיך דעריבער אַראָפּ פֿונם וועג פֿון רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. קיינער האָט נאָך אַזוי בייסיג ניט אויסגעלאַכט די דאָזיגע געשעפֿטמאַכערישע קרענק, ווי לענין. „שמאָלקעפּיגער פּראַקטיציזם״, „אָנקעפּיגע געשעפֿטמאַכערײַ״ — אַזוי האָט לענין באַהאַנדלט די דאָזיגע קרענק. ער האָט איר געגנגעשטעלט געווייג־לעך די לעבעדיגע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט און די נויטווענדיגקייט פֿון רעוואָ־לוציאָנערע פּערספּעקטיוון אין אַלע ענינים פֿון אונזער אַלטעגלעכער אַרבעט, אונטערשטרייכנדיג דערמיט אַליין, אַז די פּרינציפּנלאָזע געשעפֿטלערײַ איז פּונקט אַזוי דערווידער דעם לעניניזם, ווי עס זיינען אים דערווידער די „רעוואָ־לוציאָנערע״ אויסטראַכטעניש.

די פֿאַראייניגונג פֿונם רוסישן רעוואָלוציאָנערן פֿאַרנעם מיט דער אַמערי־קאַנישער זאַכלעכקייט — דערין ליגט דער תוך פֿון לעניניזם אין דער פּאַרטיי־אישער און מלוכה׳שער אַרבעט.

נאָר אַזאַ פֿאַראייניגונג גיט אונז אַ פֿאַרענדיגטן טיפּ פֿון אַ טוער — אַ לעניניסט, דעם סטיל פֿון לעניניזם אין דער אַרבעט.

# אינהאַלט


זייט

פאָרוואָרט — — — — — — — — — — — — — — 3

1. די היסטאָרישע וואָרצלען פון לעניניזם — — — — — 5

2. די מעטאָדע פון לעניניזם — — — — — — — — 11

3. די טעאָריע פון לעניניזם — — — — — — — — 17

4. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט — — — — — — — 31

5. די פּויערים־פראַגע — — — — — — — — — — 41

6. די נאַציאָנאַלע פראַגע — — — — — — — — — 52

7. סטראַטעגיע און טאַקטיק — — — — — — — — 60

8. די פּאַרטיי פון לעניניזם — — — — — — — — 73

9. דער סטיל פון לעניניסטישער אַרבעט — — — — — 85